א. קיפּניס

# זעליק דער ראַדיסט

## און אנדערע דערציילונגען

צייכענונגען
פונעם קינסטלער
ר ו י ט מ א נ





1 9 3 3
מאָסקווע
פארלאג „עמעס"



# זעליק דער ראַדיסט

אַל־לאָ! אַל־לאָ!
הערט! הערט!
אַלע! אַלע!

אַל־לאָ־אָ־אָ!
אַל־לאָ־אָ־אָ!
אַל־לאָ־אָ־אָ!!!

שטעלט זיך פֿאָר אַ זוניקן האַרבסטיקן טאָג. די פֿעלדער זייַנען שוין קימאַט ווי צוגעקליבן. קאַרטאָפֿל, מערן און בוריקעס גראָבט מען נאָך. קרויט שטייט נאָך אויף די באַשטאַנעס. און אַ שטעטל האָט זיך אויסגעקליבן יאָנטעוו אַן אַלטן יאָנטעוו אַ רעליגיעזן — ראָשעשאָנע.

פֿאַראַיאָרן איז געווען אַ גוטער לערער אין שטעטל. אַלע האָבן אים געקענט — מוישקע ליפּמאַן. האָט ער איטלעכן

בעקלערס, וואָס אזוינס רעליגיע איז, זיינען די קלויזן קימאט געשטאנען ליידיק. איצט איז אָבער יענער לערער אוועקגע־פאָרן, און אין די ארטעלן האָבן אייניקע עלטערע מענטשן גענו־מען בורטשען און דריידן, אז עס איז א ראכמאָנעס אפ גאָט, אז ער וועט עס נאָך כאָלילע ניט אויסהאַלטן.

„מיילע, איר ווילט ניט דאווענען,—טײַנען זיי—דאווענט ניט! אָבער ארבעטן אין ראָשעשאָנע, גאזלאָנים! לאָמיר כאָטש ניט ארבעטן! אנו, גייט הערט אומיסטן. וואָס לײַטישע מענטשן זאָגן!"—און זיי הייזן אָן אפן ראָוו מיטן שויכעט.

און אזויווי צווישן די יונגעלײַט האָבן זיך אויך געפונען א פאָר פּויליאקעס, איז געבליבן, אז מיילע, די מעלוכע וועט ניט ווערן אָרעמער, אז מען וועט א פאָר טעג ניט ארבעטן.

דער ראָוו מיט די עטלעכע פּרומאקעס האָבן זיך דערפרייט פון אזא יעדיע. מע האָט צוגעקליבן ריין דעם גרויסן בעסמעד־רעש און געדונגען אהין א כאזן, וואָס ציקלט זיך נישקאָשע. דער כאזן האָט אײַנגעזונגען מיט עטלעכע זינגערלעך א פּאַק ניגונים, און דער אוילעם גרייט זיך, אז מע וועט אָפּקנאקן היינטיקס יאָר א ראָשעשאָנע—א קאַפּאָרע דער בעסטער טעאַטער!

ראָשעשאָנע אינדערפרי. די פּרומאקעס פון שטעטל זיי־נען אוועק אויסגעפּוצט אין די סאמעטענע היטלען און לאס־טיקענע זשיפּעצעס אין שול אריין. אייניקע יונגעלײַט פון די ארטעלן און אזוי, ווער עס האָט געהאט אַן ארויסגאנג־טאָג, האָבן זיך אויך אויסגעפּוצט, און מע דרייט זיך אום אין די גאסן. ווער מיט א קינד באם האנט, ווער אליין. וועמען עס ציט אַן אקסל אביסל זיך ארײַנכאפּן אין שול־הויף, א הער געבן וויאזוי דער כאזן וועט זיך באלד ציקלען, און די זינגער־לעך וועלן אים אונטערהאלטן.

פלוצעמ דערהערט זיכ פונ קייענשטיבל, פונ דאָכ, דאָרט, ווו עס הענגט אראָפּ פונעמ ראדיאָ דער הויכרעדער:

— אל־לאָ! — אל־לאָ — אל־לאָ!

זיער אוילעמ האָט זיכ א צי געטאָנ אהינ.

— הערסט א מייסע? האָט מענ שוינ, הייסט עס, פאריכט דעמ ראדיאָ! — מאכט זאלמענ דער לאנגער.

ער איז פּאָרזיצער אינ שערער־ארטעל. אונ איצט שטייט ער מיט זיינע קלענערע צוויי קינדער אויסגעפּוצט דאָ אינמיטנ הויפּט־גאס אונ ער ווייסט ניט, צי זאָל ער איצט זיינ א וואָכע־דיקער, צי א יאָנטעוודיקער.

— שוינ פאריכט — כאזוערט ער איבער נאָכאמאָל — דעמ ראדיאָ!

— ס'דענ נאָכ ניט צייט? — ענטפערט אימ איטשיטאָ דער קוימענקערער. אונ עס לייכטנ זיכ בא אימ די ווייסע ציינ פונ פּאָנעמ — דו האָסט שוינ ערגעצ געזענ היינטיקע צייטנ א שטאָט אָנ א ראדיאָ?

— געזענ היינט, געזענ מאָרגנ. אז מע האָט צוגעגאנ[illegible] זאָגט מענ דיר. די לעמפּעלעכ שוינ עפּשער פונ דריי כאָדזשימ.

מאסקימ! — פאלט זיי אריינ אינ די רייד שלוימעלע דער שוסטער. מענ רופט אימ „שלוימעלע", ווייל ער האָט שוינ דערוואָקסענע קינדער, אונ אליינ איז ער נאָכ א קורצינקער, א קלייניקער. אונ אמאָל רופט מענ נאָכ אימ „סלוימעלע" דערפאר, וואָס א „שאבעס" זאָגט ער „סאבעס" אונ אפ שיטנ — „סיסנ".

— מאסקימ, — זאָגט ער — זאָל זיינ יאָ צוגעגאנווערט, זאָל זיינ ניט צוגעגאנווערט, אבי עס רעדט, אונ נאָכ אפ יידעס.

— וואָס זאָגסטו עפּעס אפ דער געמבע! — איז צוגעגאנגענ מאָרדכע דער הארבאר. דער איז העכער פונ איטלעכנ עפּשער אפ צוויי קעפּ. אונ אליינ האָט ער איכ נישקאָשע פונ א געמ־

טע. און נאָך א נאַטור האָט ער, ווי ערגעץ א רעדל, מוז ער זיין אינמיטן.

ווערטער זיינען פונעם ראדיאָ געגאנגען געזעצטע, פאַר־שטאַנדיקע, קלאָרע און עמעסדיקע.

האָבן זיך שוין אָנגעקליבן אין רעדל א האלבע שטאָט מיט מענטשן. אין בעסמעדרעש ציקלט זיך דער כאזן שוין פון ווייס איך ווען בא לײדיקע ווענט, און קײנער גייט אים ניט הערן.

דער ראָוו מיט די פרומאקעס זיינען אויסער זיך. מען שיקט אלעמאָל אונטער א מענטשן, מען זאָל א רופ טאָן, מע זאָל איינרעדן, אז מע דאַוונט שוין, אז מע זינגט שוין... אָבער עס איז נאָך ערגער. די אוועקגעשיקטע פארבלייבן דאָרט און קומען אויך ניט צוריק.

— ס׳פון כארקאָוו רעדט מען אזוי, — מאכט שימען דער אדוואָקאַט.

אָבער מאָרדכע דער הארבאר, וואָס איז העכער פון איט־לעכן עפעס אף צוויי קעפּ, וואָס האָט א געמבע און קען קיין אוולעס ניט פארליידן, צעשרייט זיך אף שימענען:

— ווער כארקאָוו, וואָס כארקאָוו, פרעג איך דיך? און אף מאָסקווע האָסטו שוין קיין האַסאָגע ניט?! אזוי רעדט מען גראדע פון מאָסקווע!

— א פארגעניגן צו הערן! א פארגעניגן צו הערן! — מאכט זאלמען דער לאנגער.

— ווי־דען? טאקע אינדערעמעסן! א נוץ האָט מען פון די פארשימלטע יאָנטויוויים? אויסער די גאָטס גאנאָווים, וואָס האנדלען מיט רעליגיע — די לעקן אָפּ א ביינדל. אָבער דער אָרעמאן? פארן אָרעמאן איז עס נאָר אן איבעריקע הויצאָע, א פארבלענדעניש, מער ניט. אָטאָ זאָגט ער טאקע דער ראדיאָ...

— עס איז א געווער אין די הענט פון די פרומאקעס מיט די ספעקוליאנטן.

— נידער מיט אלע ראבאנימ אונ גוטע ייִדנ! אונ רעלי־גיעס! אונ שימל! נידער מיט די פּרומאקעס! נידער! נידער! זאָל לעבנ דער אלוועלטלעכער פּראָלעטאריאט! זאָל לעבנ די אלוועלטלעכע רעוואָליוציע!

אור־רא־א־א!........

אור־רא־א־א!!! — האָבנ אלע פונ פּלאצ אָפּגעענטפערט, אונ עס האָבנ זיכ געהערט אויכ אסאכ פרויִשע אונ קינדערשע שטימענ.

אָפּ מאָרגנ, דעמ צווייטנ טאָג ראָשעשאָנע, האָבנ שוינ די אָרטעלנ צוריק געאַרבעט, אונ מע האָט נאָר ארויסגעשיקט אלעמאָל עמעצנ צומ לייענשטיבל הערנ, טאָמער רעדט מענ עפּעס ווײַטער פונ מאָסקווע אָדער כאַרקאָוו.

אונ נאָר אינ דער אוקראַיִנישער 7־יאָריקער שול איז אינ פּיאָנערנ־רינג געגאנגענ א מישפּעט איבער זעליק טאבאקמאכער, א ייִנגל פונ דער 6־טער גרופּע, וואָס וואקסט אָנ עלטערנ אונ ער האלט זיכ אופ אינ צוזאַמענוווינונג בא דער שול.

מענ האָט אימ באשולדיקט, אז נעכטנ בײַסנ דורכרײַס אינ די ארטעלנ, וואָס זיינענ שיר ניט ארײַנגעפאלנ אלע צוריק אינ פארשימלטנ בעסמעדרעש ארײַנ, איז ער, זעליק טאבאקמאכער, ניט געווענ אָפּ דער עקסטרא־פארזאמלונג, ווו מע האָט גערעדט וועגנ דורכרײַס. אונ ווו מע האָט אימ געזוכט, האָט מענ אימ ניט געפונענ: קלאָר, אז ער האָט מיט אלע קליינבירגער גע־הערט דעמ כאזנ. דאָס איז א כארפּע אונ ניט דערלאָזבאר פאר קיינ פּיאָנער...! וואָס עס קומט אימ דערפאר, זאָל ער אליינ זאגנ.

זעליק טאבאקמאכער, וואָס איז געזעסנ די גאנצע צײַט אונ געשמייכלט, האָט גענומענ א וואָרט:

— סדיכטיק, אז ניט נאָר א פּיאָנער, נאָר אַבי וועלכער שילער פונ אונדזער ראטנשול, ווענ ער דערלויבט זיכ גיינ

שימלען מיט די פראָזאַקעס אין קלויז אַרײַן, איז ער אַן אונטערײַסער.

— אָבער, מײַנע כאַווײרים פּיאָנערן, איר האָט דאָ אַנגעװענדט דאָס פֿײַער ניט לויטן ריכטיקן אַדרעס.

— איך, דער שילער פֿון דער זעקסטער גרופּע, דער פּיאָנער זעליק טאַבאַקמאַכער, אַז איך האָב אַ קוק געטאָן אָט אַזאַ דורכרײַס: עס איז שוין די לעצטע שאָ, און קיין אַנטירעליגיעזע אַרבעט איז נאָך ניט געפֿירט געוואָרן, אין די אָרטעלן אַרבעט מען ניט, און יונגעלײַטלעך, זע איך, דרייען זיך אַרום אין גאַס און ווייסן ניט, ווו זיך צוצושטעקן — בין איך פּלוצעם געפֿאַלן אויף אַן אײַנפֿאַל: איך בין שטילינקערהייט אַרויף דורך לענדערמאַנס הויפֿל אין לייענשטיבל אויפֿן בוידעם, איך האָב זיך גיך־גיך דערקליבן צו דעם הויכרײדער פֿון אונדזער קאָליע ראַדיאָ און איך האָב זיך גענומען דערמאָנען, וואָס איך האָב געלייענט, און וואָס מע האָט מיט אונדז געשמועסט וועגן אַנטירעליגיע. און איך האָב צונויפֿגעשטעלט אין קאָפּ אַ רעדע.

מענטשן האָבן געמיינט, אַז מע האָט פּאַריכט דעם ראַדיאָ און מע רעדט פֿון מאָסקווע און פֿון כאַרקאָוו.

— אוואַדע וואָלט טאַקע זײַן בעסער, — זאָגט ווײַטער זעליק — ווען די ראַדיאָ זאָל שוין זײַן ביז איצט פּאַריכט, נאָר... אין אַן ענגער שאָ דאַרף מען אַלײַן איבער קיין נאַר ניט זײַן...

און זעליק איז אַוועק מיט אַ שמייכל צוריק אויף זײַן פּריערדיקן אָרט. אין קלאַס איז געוואָרן שטיל.

אַלע האָבן אָנגעקוקט זעליקן מיט אַזעלכע געטרײַע אויגן און האָבן אים מעקאַנע געווען...

און דערנאָך האָבן אים, זעליקן, די קוסטאַרן אַ צײַט ניט געלאָזן די גאַס דורכגיין.

— איי, אַ יאַטל! — זאָגנ זיי.

— איי, האָט ער עס קונציק צוגעטראַכט!

מע דאַרפ אָבער האָבנ אַ קאָפּ אונ אַ צונג דאַרפ מענ האָבנ, אָפּ אָפּקנאַקנ אַזאַ לעבעדיקע רעדע!

פונ דענסטמאָל אָנ האָט זעליק שוינ קיינ אַנדער נאָמענ ניט געהאַט, נאָר דער ראַדיסט, זעליק דער ראַדיסט.



געשענקט ראָכעלען העגדעלמאַנ

# כאַרעווע נעסטנ

פאַרגעקומענ איז עס אינגאַנצנ א פּאָר יאָר פאַר דער אָק־טיאַבער־רעוואָליוציע.

איכ בינ געוואָקסנ אינ שטוב אינ קינד. פלעגט מיר זײַן אָר־מעטיק. דער טאַטע פלעגט אַפ גאַנצע האַלבע יאָרנ אַוועקגיינ אינ דער בודע מאַכנ טעפּ. אינ אָנהייב פלעגט ער קומענ נאָר אַפ פייסעכ אונ אָפ סוקעס.

איינמאָל איז בא אונדז אײַנגעשטאַנען אַפ קוואַרטיר לאַוו־רינ — א פּויער פונעמ דאָרפ בעהוני. בעהוני איז פינפ וויאָרסט פונ אונדזער שטעטל.

ניט געקוקט, וואָס בעהוני איז א דאָרפ פונ וואָסערע פינפ טויזנט אײַנוווינער, איז דאָרט פאַר דער צארישער רעגירונג קיינ איינ שול ניט געווענ. די צארישע רעגירונג האָט ניט גע־זוכט קיינ בילדונג פאַרנ פאָלק. די צארישע רעגירונג האָט גע־דײַגעט, וויאַזוי בעסער צו פאַרקנעכטנ דאָס פאָלק, צו פאַר־

קנעכטנ, צו באַוועלנ, צו בויענ פאַר אים וואָס מער קלויס־
טערס אונ טפיסעס.

א פריער, וואָס האָט, ניט געקוקט אפ אלע מעניעס אונ נאָר
געוואָלט לערנענ דאָס קינד, האָט ער עס געדאַרפט שיקנ קיינ
סלאָוועשנע אינ דער שטעטלדיקער צוויי־קלאסיקער שול.
די קינדער פלעגט אויסקומענ גיינ אלע טאָג פינפ וויאָרסט אינ
שול, בא אלע שלעכטע וועטערנ. אָסיענ אינ די גרעסטע בלאָ־
טעס מיט די רעגנס, ווינטער אינ די פרעסט אונ זאווערוכעס,
מיט די מעטעליצעס אונ פרילינג אינ די גרויסע כליופנ אונ
צעגיסונגענ.

באלאָנים אפ אזא לערנענ זיינענ, פארשטייט זיכ, געווענ
ווינציק, דאָכ פלעגנ וואָסערע צענ פופצנ קינדער פונ אזא
דאָרפ גיינ אלע טאָג אינ שטעטל אינ שול אריינ, אויסער זונטיק
אונ יאָנטויוים, ווענ זיי פלעגנ זיך קענענ אביסל אָפרוענ.

לוקיאַנ לאווריגס זונ איז געווענ פונ די געציילטע כעווריע.
אים איז געווענ צענ יאָר, אונ ער פלעגט טאָג אינ טאָג לויפנ
מיטנ ליַיוונטנ טאָרבעלע איבערנ אקסל אינ זיינע פּאָסטאָלוק־
לעכ מיט די ווייסע אָנעטשקעס.

לאוורינ האָט געקענט באַנדעריַי, האָט ער געקראָגנ א פּאָד־
ריאַד מאכנ אינ די שכייניִשע שטעטלעכ גרויסע קיַילעכדיקע
ביטנ אונ זיי אָנציענ מיט אייזערנע רייפנ. דאָס איז געווענ אנ
ארבעט אפ עטלעכע כאדאָשים. האָט ער געדונגענ בא אונדז
א נאכטלעגער, אונ עסנ פלעגט מענ אים געבנ דאָרט, ווו ער
האָט געאַרבעט.

לאוורינ האָט זייער געשטאָלצירט מיט זיינ זונ, וואָס ער
וועט בא אים זיינ א געלערנטער.

— אָ, — זאָגט ער — לוקיאַנ... לוקיאַנ, אז ער וועט אויס־
וואקסנ וועט ער שוינ אינ קיינ פּאָסטאָלעס ניט גיינ.

אונ מיינענ האָט ער געמיינט מיט דעם, אז ער וועט זיכ

קענען באַשטעלן פאַר אַ שרייבער צום סטאַרשינאַ אין וואַ־
לאַסט, אָדער ער וועט גאָר אַוועק פאַר אַ לערער אין אַ שול.
דאָס שטיקל ברויט וועט אים אָנקומען אַסאַך גרינגער, ווי ווען
ער זאָל בלייבן אַ פּאַראָבמטער פויער מיט זיין טאַטן באַגלייב
און דאַנ... וועט ער שוין אין קיין לאַפּטיעס ניט אַרומגיין, לו־
קיאַן, ער וועט שוין טראָגן שיך.

די מאַמע האָט געוווּסט, אַז עס איז מיר אומעטיק, האָט זי
איינמאָל אַ זאָג געטאָן צו לאַורינען, אַז טאָמער וואָלט געווען
אַ זאַך, אַז לוקיאַן זאָל ניט לויפן אַלע טאָג די פינף ווי־אָרסט
אַהין און צוריק, זאָל מען אים אינדערהיים מיטגעבן אויף דער
גאַנצער וואָך עסן, און נעכטיקן וועט ער בא אונדז. אַלע שאַ־
בעס נאָך דער שול וועט ער אַוועקגיין אויף זונטיקדיקן טאָג
אַהיים און מאָנטיק גאַנץ פרי צוריק אין שול.

לאַורין האָט זיך שווייַגנדיק דערפרייט פון אַזאַ פאָרשלאַג.
ער האָט גענומען קאַמען מיט די פינגער זיינע געלע שיטערע
באָרד אונטערן הויכן האַלדז, אַליין איז ער, לאַורין, אויך גע־
ווען אַ הויכער, מיט געזונטע גידלדיקע קנאָכנס.

— אָ־ט־ט־אָ־אָ דאָאָברעע... — האָט ער נאָך אַ לאַנגן
שמייכלען און נאָך אַ לאַנגן קראַצן זיך די באָרד געענטפערט.

און מיר האָבן באַקומען נאָך אַ קוואַרטיראַנט — לוקיאַנען,
לאַורינס זון. אַ באָכערל אין מיינע יאָרן, נאָר אויך אַ בלייַ־
כינקער און מיט בלויע צוויי צעעפנטע אויגן, וועלכע באַוווּנ־
דערן שטיל אַלץ, וואָס זיי דערזעען.

פאַמעלעכקע, פאַמעלעכקע האָבן מיר זיך מיט לוקיאַנען
באַקאַנט. איך האָב געלערנט אין כיידער און ער אין שול. ער
פלעגט זיך באַפרייען נאָך מיטיק און איך אינאָוואָנט. אָבער
דאָך פלעגן מיר אָפּזוכן שאָען, ווען מיר פלעגן צוזאַמען פאַר־
ברענגען, זיך שפּילן, דערציילן איינער דעם צווייטן מייַסעס,
באַוווּנדערן איינער דעם צווייטן. מיר פלעגן אויך דערציילן

איינער דעם צווייטן, וואָס מיר האָבן געלערנט. ער האָט שוין בא מיר זיך אויסגעלערנט דעם גאַנצן אַלעפבייז אַפּוסווייניק. און איך פלעג מיט אים איניינעם אַראָפּשרייבן זיינע אַריפמעטי־שע אופגאַבעס (דענסטמאָל האָט עס געהייסן, — זיך לערנען כּעזשבּענען) און אויסלייענען פון זיינע רוסישע כרעסטאָמאַ־טיעס שיינע דערציילונגען און לידער.

דענסטמאָל האָט זיך אַקוראַט געפירט די גרויסע אימפעריאַ־ליסטישע וועלט־מילכאָמע. לאָזט זיך אויס, אַז לוקיאַן האָט עפּעס בעסער געוווּסט, וואָס ס'טוט זיך דאָרט אַפּ דער מילכאָמע, איי־דער איך. בעסער געזאָגט, ער האָט זיך פאָרגעשטעלט לעבעדיק די שוידערנדיקע בילדער און די גאַנצע קלאָלע, וואָס די מילכאָמע טראָגט מיט זיך פאַרן אָרעמען האָרעפּאַשנעם מענטשן. זיינע דער־ציילונגען פלעגן זיין דורכגעמישט מיט קינדערשער פאַנטאַזיע און מיט אַבערגלויבן. אָבער איך פלעג זיך אַזוי אין זיי אַריינ־טאָן, אַז איך פלעג פאַרגעסן וואָס פאַר א טאָג עס איז היינט איך פלעג פאַרגעסן אין וואָס פאַר א שטאָט איך בין, און איך פלעג ניט געדענקען, וואָס איז איצטער פון יענער זייט פענצ־טער, זומער צי ווינטער, פעלד צי גאַס. אינמיטן באַטאָג פלעגט זיך מיר אַמאָל אויסדוכטן, אַז אָן אָ פון יענער זייט גאַנעק זיי־נען די אָקאָפּעס, באַדעקטע מיט אָפּגעגראָבענעם גראָז, מיט ביימלעך. אַז ווי איך וועל נאָר אַרויסגיין פון טיר, וועל איך זיך פאַרטשעפּען פאַר די פּילפּאַכיקע באַפּלעכטונגען פון שטע־כעדיקן דראָט. איינמאָל האָט ער מיר דערציילט, וויאַזוי אַפּן ברייטן פאַרלאָזטן שלאַכט־פעלד, וואָס איז פול מיט הארוגים, באַפּט זיך אופּ א געהאַרגעטער, וואָס בא אים האָט אָפּגעריסן א פוס אינעם שלאַכט, און, ניט געקוקט, וואָס ער איז א גע־האַרגעטער, שפּרינגט ער אום אַפּ איין פוס א באַגאָסענער מיט גרינער לעוואָנע־שיין און זוכט צווישן די הארוגים זיין אָפּ־געריסענעם צווייטן פוס.

— דאָס קען זײַן ניט קיין עמעס, — פאַרענדיקט לוקיאַן די מייסע, מענטשן דערציילן עס גלאַט אַזוי.

ווי ער רעדט מיר אויס, אַז דאָס קען זײַן ניט קיין עמעס און איך פיר איבער די אויגן צום פענצטער, ווערט מיר אַ כידעש, וואָס ס'ניט באַנאַכט, נאָר באַטאָג, די שײַן שווינדלט אַזוי פרעמד אין די אויגן, און די זאַכן אין שטוב זײַנען גאָר ניט פון קיין שטעכיקן דראָט און פון קיין שלאַכט־פעלד — נאָר אַ פּראָסטער טיש מיט פּראָסטע בענקלעך. זיי קומען אויס עפּעס אַזוי פרעמד און אַלץ איז מיר אַזויווי איך וואָלט זיך אופגעכאַפּט פון אַ שלאָף. אַמאָל פלעגט מיר נאָך לוקיאַן געבן צו פאַרשטיין, אַז די מילכאָמע האָבן די פריצים אויסגעקלערט, ניט נאָר אונדזערע פריצים. די פריצים פון אַלע לענדער און די קייסאָרים זייערע. וואָס איז? ס'קאָסט זיי דען טײַער מענטשן. פאַרן אָרעמען מענטשן מאָנט באַ זיי קיינער ניט און וואָס אַרט עס זיי? מ'וועט אויסהאַרגענען די אָ, וועלן קומען אַף זייער אָרט אַנדערע. אָרעמע מענטשן זײַנען דאָ אַף דער וועלט גענוג. אָ, די פריצים מיט די קייסאָרים. יענע זײַנען אַזעלכע מענטשן, וואָס ס'גייט זיי קיינמאָל גאָר ניט אָן.

אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט מען עפּעס אַזויווי אין איין כוידעש צוגענומען בײדע טאַטעס אונדזערע און זיי אויך אַוועקגעטריבן אַף דער מילכאָמע. מײַן טאַטע איז געקומען פון דער בודע פון די טעפּ זיך געזעגענען מיט אונדז. דאָס ערשטע מאָל זינט איך געדענק ער זאָל קומען אַהיים אַזוי אינמיטן אַ וואָכעדיקן טאָג. און לוקיאַנס טאַטע — לאַווריִן האָט אויך איבערגעלאָזט די ביטנ מיטן פּאָדריאַד, מיט דער קוואַרטיר, מיט דער היים. אַז מען טרײַבט אַוועק אַף דער מילכאָמע, מוז מען גיין.

איך מיט לוקיאַנען האָבן עפּעס אַ שטיקל צײַט אויסגעזען ווי אַ פּאָר צעשראָקענע גאָנערלעך. מיר פלעגן אָנקוקן איינס דאָס אַנדערע מיט פאַרווונדערטע איבערגעשראָקענע אויגן, לו־

קיאנ האָט געזאָגט, אז איכ האָב א טאָעס, וואָס איכ מיינ, אז אויב מע טרייבט אפ דער מילכאָמע, מוז מענ גיינ. ס'איז גאָר ניט קיינ מוז. די פּריצימ זיינענ ווינציק אונ אזעלכע מענטשנ, ווי מיר, זיינענ אסאכ. אָט אָ, גייענ מיר אלע אפ דער מילכאָמע: בעהוני, גאנצ סלאָוועשנע, גאנצ טכאָרינ. נו, אלע דערפער ארומ ביז אוורוטש. איז דענ א גרויסער באטרעפ זיכ אויסקערעווענ מיט די ביקסנ אונ מיט די שינעלנ אונ דערהארגענענ אָט דאָס ביסל פּריצימ מיט די פּריסטאוועס מיט די גאלאָכימ אונ אויס?

— וואָס איז — פרעג איכ לוקיאנענ — די פּריצימ שיקנ דענ אפ דער מילכאָמע? אפ דער מילכאָמע שיקט דאָכ דער קייסער.

— אז דו פארשטייסט ניט. אויסקומענ קומט אויס, אז דער קייסער שיקט, נאָר פאר די מענטשנ, פאר אלע איז קלאָר, אז דער קייסער אונ די פּריצימ, דאָס איז איינס אונ דאָס זעלבע.

— טאָ פאר וואָס-זשע טוט מענ דאָס טאקע ניט אומ, אזוי-ווי דו האָסט פריער געזאָגט?

— פאר דערפאר... עס זיינענ נאָכ דאָ אסאכ... אומפארשטאנדיקע מענטשנ. נאָר ס'איז גאָרניט. אינ די גרויסע שטעט איז מענ שוינ פארשטענדיקער. אינ די גרויסע שטעט זיינענ דאָ ארבעטער... אזויווי דער מאמעס ברודער, אזויווי לוקיאנ. פאר די ארבעטער וועלנ שוינ אלע שטארקער מוירע האָבנ, ווי פאר אזוי מענטשנ...

דאָס, וואָס מע האָט ביידע טאטעס אונדזערע צוגענומענ אפ דער מילכאָמע, האָט מיכ נאָכ מערער פארבונדנ מיט לוקיאנענ. איכ האָב זיכ מיט אימ אזוי אופגעכאווערט, אז די צוויי נעכט פונ שאבעס ביז איבער זונטיק — וואָס ער פלעגט נעכטיקנ אינ דאָרפ, פלעגנ זיכ מיר אויסציענ ווי א יאָר.

מאָנטיק גאנצ פרי פלעג איכ שוינ שטיינ פארנ שוועל אונ ארויסקוקנ אפ לוקיאנענ. ער פלעגט דאָכ פריער פארלויפנ צו

אונדז אין שטוב, אוועקלייגן דאָס טאָרבעלע מיטן עסן און דער־נאָך ערשט אוועקגיין אין שקאָלע אַרײַן. איך פלעג שוין אויך צו יענער צײַט זיין אָפּגעוואַשן און אָפּגעגעסן און פלעג שוין וואַרטן פון יענער זײַט הויף. און אַבי נאָר איך דערזע לוקיאַנען לויפט שוין א פּאַרסאָפּעטער בארג אַרויף דורך דער שכיינעס הויפל, בין איך שוין אין מיטרעס געסל און אין עטלעכע מי־נוט אַרום בין איך שוין אין כיידער און ער אין שול.

אפ א פּאָר זאַכן בין איך מעקאַנע געווען לוקיאַנען, און אַנדערע זאַכן זיינען לוקיאַנען געפעלן געוואָרן בעסער בא אונדז...

אים איז געפעלן געווען, וואָס בא אונדז אין די שטעטלדי־קע שטיבער פירט זיך ריין. מע שלאָפט יעדערער אַפ א באזונ־דער געלעגער, מע עסט יעדערער פון א באזונדער טעלער. אין דאָרף און נאָך אינעם אַלטן, אַמאָליקן דאָרף האָט ער עס ניט געזען. דאָרטן שלאָפן אַלע אַפ איין באַנק, מ'עסט אַלע פון איין שיסל, די כאַזיירים לאָזט מען אַרײַן אין שטוב און מ'שטעלט זיי א קאָרעטע א. א. וו.

איך אים בין מעקאַנע געווען דערפון, וואָס בא זיי שטייען אין גאָרטן אונטערן סאַמע שטוב צוויי וויַנשל־ביימער, וואָס לוקיאַן מיטן טאַטן זיינעם קאָסען אַליין אָן הייי פון דער בעהיי־מע וועגן און דערנאָך, ווען ס'ניטאָ קיין מילכאָמע, שלאָפט לו־קיאַן מיט זיין טאַטן אין שטאַל אַפן הייי. זומער, ווען לוקיאַן איז פרײַ פון שול, פּאַשעט ער אַליין די בעהיימע זייערע.

אָט־אָט צעלאָזט מען די קינדער פון שול, וועט שוין לוקיאַן זיין א פרײַער פויגל. ער וועט אומלויפן איבער די פעלדער, קלײַבן שטרוטשקע, רײַסן בלומען, און איך וועל זיך נאָך דאַרפן טשאַדען אינעם דושנעם כיידער מיט די איבעריקע יינג־לעך באַגלייך.

לוקיאַן האָט מיך געוואָלט טרייסטן און ער האָט מיר גע־זאָגט, אַז ווען ער וועט שוין זיין פרײַ פון שול, וועט ער קומען

 

זומער אין א פרייטיק באַטאָג, ווען מע לאָזט אונדז אָפּ פון כיי-דער, און ווען מיך נעמען צו זיי אין דאָרף אריין. דאָרט בא זיי אינדערהיים וועל איך זיך קענען אונטערשטעלן אָפן ליי-טערל לעבן זייערע ביימער און רייסן ווייַנשל גלייַך אין מויל אריין... מע דאַרף זיך נאָר היטן, מע זאָל ניט צעבּרעכן קיין צווייַגן.

איך האָב געוואָלט בא לוקיאַנען אַן אַנדער זאַך: ביז דענסט-מאָל וועלן זיך אויספירן אַלע פייגעלעך אין די נעסטן און קיין פויגלשע אייעלעך וועט שוין ניט זיין צו קריגן. און אין כיי-דער האָב איך געזען בא א ייִנגל צוויי פויגלשע אייעלעך, שיי-נינקע, ווי די גאַנצע וועלט, און די ייִנגלעך האָבן אים אַלע מע-קאַנען געוועןן.

לוקיאַן האָט א קלער געטאָן און געבליבן שווייַגן.

נו?... — פרעג איך אים שוין מיט אומגעדולד.

ס'ניט גוט. — ענטפערט מיר לוקיאַן. — באַראַבּעווען דער מאַמען און צונעמען פון איר אירע קינדער... בא אונדז נעסטן זיך דאָפּקע צוויי פייגעלעך איבער דער סאַמע טיר. פון אויבן אי-נעם אויבערשטן בּײַשטיבל, דאָרטן איז אויפגעדויבעט אַזאַ מין שיפּיקל. זאָלסטו אָבער זען, וויאַזוי זיי היטן זיך פאַר א פרעמד אויג און וויאַזוי זיי ציטערן איבער די אייעלעך.

איך האָב דערהערט, בין איך מאַמעש פאַרצאַפּלט געוואָרן.

— בא אייַך אַליין האָט פון אויבן איבער דער טיר א פייגעלע אָנגעלייגט אייעלעך? פאַרוואָס ניט בא אונדז?

— דערפאַר — האָט לוקיאַן געשמייכלט, — וואָס דו וואָלסט בא זיי אויסגעליידיקט די נעסט.

— יאָ, אויסגעליידיקט, אָט אָ באַלד צעיאָג איך זיך אויס-ליידיקן. זאָג, וועלכע איז עס דאָס פייגעלע? האָסט עס געזען? און די אייעלעך זיינען דאָרטן אָוועלכע? דו האָסט די אייעלעך אויך געזען?

— נו, יאָ. האָט לוקיאַן געענטפערט, און זײַנע אויגן האָבן זיך שוין אויך אָנגעצונדן מיטן זעלבן פֿײַערל, וואָס מײַנע. דאָס פייגעלע איז אַ לאַסטעוּקע מיט אַ לאַנג ווײדעלע און מיט שפּיציקע לאַנגינקע פליגעלעך. די הייסט ניט נאָר איין פייגעלע זיצט בײַ אונדז, נאָר צוויי. די נעסט האָבן זיי אויסגעקלעפּט פון האַרטער בלאָטע, און אינעווייניק איז ער אויסגעבעט מיט פוך. אייעלעך ליגן שוין דאָרט פיר. לענגעכיקע, ווייסינקע מיט אַסאַך שפּרענקעלעך באַזעצט...

— אוי ברענג...

וויאַזוי־זשע קען מען?

איך האָב שוין אויך פאַרשטאַנען, אַז ס'קרום און ס'וועט זײַן אַ פאַרברעכן, אויב מירן זיך אַזוי באַגיין מיט די פייגעלעכס נעסט... אָבער איינס?!

— לוקיאַנטשיקל, טײַערער, כאָטש איינס.

— אַפּ איינס זיי מאַכן אָרעמער?

— נו יאָ, לוקיאַנטשיקל טײַערער, אַפּ איינס זיי מאַכן אָרעמער.

— גוט.

בײַ לוקיאַנען זײַנען שוין געגאַנגען די עקזאַמענס אין שול. ס'..יז בײַ אים געווען די סאַמע האַרבסטע וואָך פון גאַנצן יאָר לערנען. אַז אינדרויסן איז שוין אַזוי שיין און ס'גלוסט זיך אין פעלד אַרײַן, אוי, גלוסט זיך שוין אין פעלד אַרײַן — און דאָ דאַרף מען כאַזערן אַפּוּסווייניק מײַסעס וועגן גאָטס־מאַמע, וועגן קייסער און קייסערינעס... אים אין דער אַמאָליקער שול איז געווען שווער צו לערנען, און אונדז אין כיידער איז געווען נאָך שווערער. בײַ אים, אויב מע האָט געלערנט וועגן גאָטס מאַמע, האָט מען אָבער כוץ דעם אויך געלערנט אַריטמעטיקע, געאָגראַפיע, נאַטורקענטעניש. אונדז האָט מען דאָך אָבער געשטאָפּט בלויז מיט אַלטע זאַכן. מ'האָט אונדז פאַר־

קלאפט די קעפ מיט אזעלכע זאכן, וואס זיינען גאר אפ דער וועלט ניטא. מוישע רעדט צום שטיין ער זאל געבן וואסער. אז מע קוקט אפן שלאנג הערט זיך אופ די מאגייפע... די ערד עפנט זיך אופ און שלינגט איין קורעכן מיט זיינע געמיינדע... מוישע הייבט אופ די הענט ווערן שטארקער די יידן, מוישעס הענט לאזן זיך אראפ, ווערן די אמאלייקים שטארקער...

„די יידן טיינען צו ארענען: גיב אונדז א גאט, מיר זאלן זיך צו אים בוקן! זאגט צו זיי ארן: טראגט צונויפ אייער גאלד מיט אייער צירונג. דאס גאלד מיטן צירונג ווארפט ארן אריין אין אן אנגעהייצטן אויוון און עס שפרינגט ארויס א קאלב. דער „גאלדענער" קאלב. דאס קעלבל פארייסט דאס עקל און טאנצט, און די יידן טאנצן נאך". אפ דערופ און מער אפ גאר ניט — די גאנצע קינדהייט אפגעגעבן, קיילעכיקע יארן פון פרי ביז נאכט געשטיקט זיך אין די כאדארים. באוואפנט מיט אזעלכע וויכטיקע יעדיעס, האבן מיר דערנאך געדארפט גיין אין לעבן אריין.

שאבעס פארנאכט האב איך ארויסבאגלייט לוקיאנען און אים נאכאמאל דערמאנט, ער זאל ניט פארגעסן יענע זאך...

און איך ווארט שוין.

די גאנצע נאכט זונטיק אנטקעגן מאנטיק האב איך זיך ניט אופגעהערט צו ריען אפן געלעגער. דער קאפ האט מיר וויי געטאן, אבער אנטשלאפן ווערן האב איך ניט געקענט, מיר שטעלט זיך אלץ פאר, אז אט א גייט ער שוין, לוקיאן, אט האלט ער אין טארבע צווישן די ביכער דאס אייעלע און ס׳קען זיך נאך צעקוועטשן. ווידער דוכט זיך מיר, אז ער שטעלט מיך אונטער אונטערן וויינשל־בוים, און אנשטאט וויינשל וואקסן דארטן אייעלעך, פייגלשע אייעלעך, וויסינקע, רויטינקע אזוי שיין גלאנצן זיי אנטקעגן דער זון. דערנאך שטעלט זיך מיר פאר, אז ער טראגט אין ביידע הענט צוויי פייגעלעך און יעדער

פייגעלע האלט איך שנאָבעלע אן אייעלע פון מײַנעטוועגן, זאָל
פרייען זיך אלע אינדרויסן. און ווייזן מיר. איינער מיינט: מיילע,
וויבאלד דו ווילסט זיך שוין יאָ שפילן ווי א קליין קינד, טוען
מיר דיר באלד צוליב.

זומער הייבט אָן טאָגן פרי. ווי ס'איז נאָר געוואָרן ליכטיק
בין איך שוין ארומגעקראָכן איבערן הויף.

— די שכיינע אין דעם אונטערשטן קליידל האָט ארויסגע-
טריבן זייער בעהיימע אפ דער פאשע, פרעגט זי מיך:

— וואָס איז אזוי פרי, בונימל? עפּשער דער בויך?

די מאמע איז אופגעשטאנען, זי האָט מיך געטריבן איך זאָל
נאָך גיין שלאָפן — עס איז נאָך פרי — זאָגט זי — דער קאָפּ וועט
דיר ווי טאָן, גיי לייג זיך, וועסט נאָך אביסל שלאָפן. זאָג איך
איר, אַז שלאָפן וויל איך ניט. פרעגט זי, טאָמער וויל איך עסן,
וואָס איך דריי זיך שוין אזוי לאנג ארום, זאָג איך, אז קיין עסן
וויל איך אויך ניט.

אזוי האָב איך קוים דערצויגן די שאָ, ווען מען דארף
שוין גיין אין כיידער. איך האָב איינגעפּאקט מײַנע ספאָרים,
גענומען אונטער דער האנט און בין ארויס מיט א שמייכל אין
הויף. ווייל איך האָב געוווסט, אז אין דער מינוט, אזויווי אפן
זייגער, באגעגן איך זיך אלע מאָנטיק אינדערפרי מיט לוקיא-
נען.

איך ווארט צו לעבן ברונעם. ווארט צו אביסל לעם פאָרט-
קעלע פון הויף. איך קוק דורכן טשאסטאָקאָל פון גאָרטן, ניין,
ניטאָ. איך זאָל כאָטש ערגעץ אָנהייבן זען לוקיאנען. און אפן
שליאך פאָרט א פור אין פעלד אריין. אפן וואָגן זיצן א פויער
מיט א פויערטע און צוויי פיר־יאָריקע קינדער. א הינטל לויפט
נאָך נאָכן וואָגן, א שווארץ, מיט אן איבערגעשלאָגן פיסל.
מ'זאָל כאָטש ערגעץ אָנהייבן זען לוקיאנען?!

איך האָב זיך צוגעשפּאַרט צום פּלויט און איך ווייס ניט צי איך בין אַנטשלאָפן געוואָרן, צי ניין.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— זע נאָר, ביסט נאָך ניט אוועק אין כיידער...?

האָב איך דערהערט דער מאַמעס קאָל.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און זיך אַ פאַרשעמט, אַ דער־שראָקן.

— און... לוקיאַן?... נאָך ניטאָ? — פרעג איך, און דאָס האַרץ האָט בא מיר גענומען קלאַפּן פונעם שלאָף, אַז אָט אָט שפּרינגט עס דורכט זיך אַרויס.

ניטאָ. ניט געקומען איבער עפעס לוקיאַן... עס האָט מיט אים קיינמאָל ניט געטראָפן, ער זאָל מאַנטיק ניט קומען אין שול. איך בין אוועק דורך מיטרעס געסל אין כיידער אַריין, איך פיל, אַז ס'איז שפּעט און איך ווייס, אַז דער רעבע וועט מיך נעמען איבערפרעגן, פאַרוואָס איך האָב אַזוי פאַרשפּעטיקט. די ייִנגלעך וועלן זיך נעמען איבערקוקן איינער מיטן צווייטן, וועל איך זיך צעוויינען. איך וועל ניט אויסהאַלטן און זיך צע־וויינען אויפן אָרט.

דערווייל גייט מיר אָן אַנטקעגן סאָרע די פּאָטשטאַליאָניכע. בא איר איז א יאַדישלעווע קאָל און זי איז שוין אַן אַלטע. פֿו־וועלעדניק פלעגט איציק דער באַלעגאָלע ברענגען צו פירן די פּאָטשט אין שטאָט אַריין, די פּויערימס־בריוו פירט ער צו אין וואָקזאַל אַריין און די ייִדישע — צו שמערען דעם אַלטן, נאָר אַז שמערע איז פאַראַיאָרן זומער געשטאָרבן, איז שוין סאָרע געבליבן פּאָטשטאַליאָניכע. זי איז שוין גאָר אַן אַלטע, אַ קליי־נינקע און יאַדישלעווע, צעטראָגט זי די בריוו נאָר אין די קלייטן, און אַפֿ די איבעריקע מענטשן, צו וועמען ס'דאָ א בריוו, וואַרט זי ביז זיי וועט זיי ערגעץ באַגעגענען.

— הער נאָר — רופט זי זיך אָן מיט איר יאַדישלעווע קאָל־
יינגעלע, וויאַזוי רופט מען דיך?
— בונים.
— ביסט ניט דער ווערפּוּוּקעס?
— יאָ.
— טאָ לויף, מיין טייערינקער, צו מיר אהיים, וועסטו אָפּ־
נעמען אײַערע בריוו... זיי ליגן שוין און ליגן, איך האָב, ניט
פאַר דיר געדאַכט, קיין קויעך ניט גיין אַזוי ווײַט.
פון דער אָ אומגעריכטער נײַס איז מיר מיטאַמאָל געוואָרן
פריילעכער, און איך בין אַוועק מיט שמערעליכן צו איר אהיים.
— אָט דאָס זיינען, — דורכט זיך, דײַנע. קענסט איבערלייע־
נען? און זי האָט מיר געגעבן צוויי בריוו מיט אַ קאַרטל באַ־
שטעמפּלטע מיט אַסאַך שטעמפּלען.
איך האָב איבערגעלייענט. עס זיינען געווען דעם טאַטנס
בריוו פון דער מילכאָמע.

*М. Словешна*

*Волинск. губ. Овруческ. уезд*

*Госпадину Рувину Косогор.*

— אכט קאָפּיקעס — האָט זיך שמערעליכע אָנגערופן און זי
איז ביים־מײַסע געזעסן באַ דעך זײַט אַפּ אַ באַנק, אַזויווי זי
וואָלט געווען ניט באַ זיך אין שטוב — אַ בריוול דרײַ קאָפּיקעס
אַ קאַרטל — צוויי. אכט קאָפּיקעס — מאַכט זי.
איך בין אַוועקגעלאָפן צו דער מאַמען נאָך די אכט קאָפּי־
קעס.
זינט איך געדענק איז עס עפּשער דאָס ערשטע מאָל, אַז מיר
באַקומען בריוו. אַז מען האָט דעם טאַטן צוגענומען אַפּ דער
מילכאָמע איז שוין דאָ ווער עס זאָל צו אונדז שרײַבן בריוו. נאָר
אַ מין מאָדנער ער איז דער טאַטע, אַז ער שיקט די בריוו צו אונדז

און שרײַבט גאָר זײַן אײגענעם נאָמען — רוווּן קאָסאַגאָר. ער וואָלט דאַרפֿן שרײַבן ליבע און בונימל קאָסאַגאָר, נאָר בײַ אים קומט אויס, אַז וויבאַלד די בריוו גײען צו אים אַהײם, איז ער דאָ באַלעבאָס.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צוויי בריוו מיט אַ קאַרטל... אַכט קאָפּיקעס...

פֿאַרוואָס האָבן זיך עס מיטאַמאָל אָנגעקליבן צוויי בריוו מיט אַ קאַרטל?

די מאַמע איז געוואָרן בייז אויף דער אַלטער שמערעליכע. אויף די בריוו האָט זי זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן, די מאַמע, אַזויווי אַ דורשטיקע אויף אַ טרונק וואַסער, זי זאָגט:-

— דאָ קריגן מיר אַרויס די אויגן פֿון קאָפּ, טאָמער עפּעס אַ ידיעה, וואָס ער איז נעבעך אַזוי ווײַט פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון אונדז, און דאָ ליגן בײַ איר די קאַרטלעך מיט די בריוו וואָכנווײַז און רוען זיך אויס... נישקאָשע, ווען דער זעלבער בריוו איז צו אַ גבֿיר, וואָלט ער בײַ איר קיין רגע ניט אײַנגעלעגן. אַ מער די בריפֿליוּוע טאָכטער זײערע, אָט דאָס איז אַזוי די גוטסקייט אירע? וואָס מ'קוקט זיך דאָ אויס די אויגן און זי דערמאַנט זיך אין אַ יאָר אַרום אַ טשוווּע!

— מאַמע — ענטפֿער איך איר און שטעל זיך שוין אײַן פֿאַר מיכליען, וואָס רעדט קעסיידער ווי אַ פֿאַרסאָפּעטע און וואָס בײַ איר איז אַזאַ שײנע ווײַסע הויט אויפֿן פּאָנעם, — מאַמע — זאָג איך, — זיי קערן ניט וויסן אונדזער פֿאַמיליע, אַז מ'רופֿט אונדז גאָר איבערן שטאָט די ווערפֿוווּצעס. וואָס, מיר האָבן דען באַקומען אַמאָל פֿון עמעצן אַ בריוו?

דערנאָך דערמאָן איך זיך, אַז מענטשן, וואָס בײַ זײ איז עמעצער אויף דער מילכאָמע, סײַ די היגע, סײַ די דאָרפֿישע גײען אַלײן אַלע טאָג אין וואָלאָסט אַרײַן פֿרעגן, אַזויווי לוקיאַן, וואָס נעמט דאָרט אויף זײַן טאַטנס בריוו,

איכ האָב זיכ דערמאָנט דעם נאָמענ לוקיאַנ, האָט עס מיר געגעבנ א זעץ ווי מיט א דובינע איבערנ קאָפּ...

— מאמע, ניט געווענ נאָכ לוקיאַנ? — פרעג איכ.

— יאָ, — ענטפערט מיר די מאמע א פארטראָגענע. איכ ווייס טאקע ניט וואָס איז די מייסע, וואָס ער איז נאָכ ניטאָ.



א טאָג א יאָר, איינער.

א טאָג א יאָר, דער צווייטער.

א טאָג א יאָר, דער דריטער.

אונ ניטאָ לוקיאַנ. עפשער איז ער קריכנדיק צום נעסט אראָפּגעפאלנ אונ זיכ דערהארגעט, עפשער האָט אים די „מאמע" דאָס פויגעלע א פּיק געטאָנ אינ אויג, עפשער וואָס, עפשער ווענ. וואָס הייסט, ער קומט ניט אזוי לאנג, אז אינ שול איז די לעצטע וואָכ אונ ס'גייענ שוינ די עקזאמענעס?!

אפנ פערטנ טאָג איז לוקיאַנ געקומענ. א צעהארגעטער, א פארענדערטער, אונטערנ רעכטנ אויג א שווארצער סימענ, פונ דער אויבערשטער ליפּ איבער דער באק ביזנ סאמע האלדז־אונ־נאקנ א רויט פארלאָפענער שלאנג פונ א האראפניק אָדער פונ וואָס. ער איז סיי־ווי ניט געווענ קיינ געזונטער, לוקיאַנ, אונ איצט איז ער שוינ גאָר אזויווי א פגירע, זיינע בלויע אויגנ, וואָס זיינענ שטענדיק געווענ גוט, ווי די גאנצע וועלט, קוקנ איצט ניט אפ קיינ מענטשנ, אונ ווענ ער הייבט זיי אופ, זיינענ זיי פול מיט שטעכיקער בייזקייט. ברענגענ־האָט ער מיט זיכ גאָרניט ניט געבראכט, אויסער די ביכער אונ זיינ לייוונטנ טאָרבעלע, וואָס איז איצט געווענ אויסגעשמירט אונ פארוויכערט. עפשער א סרייפע? עפשער האָט בא זיי געברענט די שטוב.

— לוקיאַנ, וואָס איז געשענ? — האָב איכ זיכ איינגעשטעלט אונ א פרעג געטאָנ בא אים.

אָבער לוקיאַנ האָט א מאָל געטאָן מיט דער האַנט, און מיר זיינען זיך ווידער צעגאַנגען.



וואָס־זשע איז טאַקע פּאָרט פאָרגעקומען מיט לוקיאַנען?

עס איז פאָרגעקומען מיט אים, און ניט נאָר מיט אים איי־נעם, זייער א שרעקלעכע זאַך, וואָס נאָר די צאַרישע רעגירונג, א מאָפּאָלע האָט געמעגט אָפּ איר אָנקומען מיט הונדערט יאָר צוריק, איז פּייַיק געווען אָפּצוטאָן.

דער גוטבאַזיצער זעלענסקי האָט געהאַט צעשאַפן איבער אָן א שיר מאַיאָנטקעס. זיינ הערשאַפט האָט זיך צעשפּרייט איבער אָן א שיר ערד אינ שטעטלעך און אינ דערפער. דער זעלבער זעלענ־סקי האָט אויך געהאַט צו שאַפן איבער סלאַוועשנע מיט עטלעכע דערפער אַרום. אינ פריצישן הויפל אינ סלאַוועשנע איז געזעסן, אלס אופּראַווליאַיושטשי, איינער זייער א ביטערער מענטש און מיט זייער א שיינעם נאָמען — סווינטעצקי.

איצט ווייטער:

אינ בעהוני האָט דער עק דאָרף, ווו לאַוורינס שטוב איז געשטאַנען, זיך גערעכנט פאַר א „ספּאָרנעם". דער פּאָרעצ האָט געהאַלטן, אז די ערד אָפּ דעם אָרט איז זיינע, אז די פּויערים, וואָס וווינען דאָרט, דאַרפן אים צאָלן צינז.

די פּויערים האָבן געטייַנעט, אז נאָך דענסטמאָל, בעשאַס מע האָט זייערע זיידעס באַפרייַט פון לייַב־אייגנטום, האָט דער אַל־טער פּאָרעצ זיי אָפּגעשענקט אָט דאָס שטיקל ערד אָפּ שענקי קיינ פאַפּירן האָבן זיי ניט ארויסגענומען, ווייל ער איז געווען א מעשוגענער, א האַנאָריסטער, און די טאַטעס מיט די זיידעס האָבן אים דאַן געמוזט גלייבן אָפּן וואָרט. בא לוקיאַנען לעבט נאָך א בלינדער זיידע, אָבער אַן אַלטער פון 98 יאָר, דערציילט ער וואָרט איב וואָרט, וויאַזוי עס האָבן זיך די ערשטע אויסגע־בויט אָפּ דעם אָ ווינקל די פינף ברידער ניקיפאָר, סטעפּאַן, סידאָר,

פאנקראט אונ ער. האָראָבײַ איז געווענ די פאמיליע זײערע, איצט איז דער גאנצער ווינקל באזעצט מיט האָראָבײַענ. פאר דערפאר הײסט טאקע אָט דער אָ טײל דאָרפ — די האָראָבצעס. איצט שטײענ שוינ דאָ א 70 הויפנ: שטיבער מיט שטאלנ אונ טויקנ. דאָס לאָדעניש ציט זיכ שוינ פונ צענדליקער יאָרנ: די אלטע לײט, וואָס מע פלעגט שלעפנ יאָר אינ יאָר פאר אײדעס צומ קרײז־געריכט, זײנענ שוינ אלע אויסגעשטאָרבנ. אָט לעבט נאָכ דער אײנציקער מיקאָלע האָראָבײַ, איז ער שוינ אויכ טויב אונ בלינד אונ טויג שוינ ניט צו גאָרניט. אלעמאָל פלעגט דער געריכט אָפזאָגנ דעמ פאָרעצ, ווײל אפילע דער צארישער געריכט האָט ניט געקענט אײַנגײנ אָפ אזא אומרעכט. שוינ זעכציק יאָר, אז מענטשנ ווינענ אפ ערד אונ מיט אזויפיל אײדעס אונ באווײַזנ, אז די ערד איז זײערע, זאָל מענ זי איצטער אומקערנ צוריק צומ פאָרעצ? אָבער דער פאָרעצ האָט מיט זײנ געלט אונ מיט זײנ באקאנטשאפט סאָפקאָלסאָפ געפויעלט באמ געריכט, וואָס ער האָט געוואָלט. די אײדעס זײנענ דאָכ שוינ אלע צעשטאָרבנ. אונ פונקט איצט, ווענ מ'האָט אסאַכ פויערימ — די באלעבאטימ פונ די דאָזיקע ווירטשאפטנ, אוועקגעטריבנ אפ דער מילכאָמע, זײ זאָלנ אומזיסט אונ אומנישט פארגיסנ זײער בלוט, פונקט איצט האָט סווינטעצקי — זעלענסקיס רעכטע האנט ארויסגעקראָגנ א פאפיר מיט א דערלויבעניש אראָפוואָרפנ אָט די 60 — 70 הײזער מיט די טויקנ, מיט די שטאלנ, כאָרעוו מאכנ אזויפיל פרעמדע האָרעוואניע, אונ די פויערשע פאמיליעס זאָלנ זיכ גײנ מיט זײער כודאָבע אונ מיט זײער ביסל זליבאָדע וווהינ די אויגנ וועלנ זײ טראָגנ.

אָט דאָס איז אינגאנצנ די מײַסע.

אינ יענעמ שאבעס פארנאכט גײט זיכ לוקיאנ מיט נאָכ א פאָר דאָרפישע שפילער אהײמ, פלוצעמ דערהערנ די קינדער הינטער זיכ א טופערײַ פונ אסאכ פערדישע טלאָענ.

זיי קוקנ זיכ אומ אונ דערזעענ, אז עס פאָרנ בא א הונדערט רײַטערס אפ גערונטע אויסגעפּאשעטע פערד. טכילעס האָבנ זיי א קלער געטאָנ, אז טאָמער פאָרט ערגעצ אנ אָטריאַד פונ דער מילכאָמע. אָבער די מילכאָמע איז דאָכ צו ווײַט, אז יענע זאָלנ אהער קענענ דערלאַנגענ.

זיי קוקנ זיכ צו בעסער, ערשט עס זײַנענ גאָלע סטראזשניקעס. זיי קוקנ זיכ נאָכ בעסערצו, דערזעענ זיי, אז פונ פאָרנט פאָרט סווינטעצקי אפ א ווײַס פערד, אלײנ איז ער אויכ אָנגעטאָנ אינ ווײַסנ אונ מיט א שטרויענ צווײדאשעקנעמ היטל אפנ קאָפּ. בא די קינדער האָט זיכ באלד אָפּגעריסנ אינ הארצנ, אז דאָ איז עפּעס ניט גלאט, אָבער דערנאָכ האָבנ זיי א קלער געטאָנ, אז עפּשער וועלנ זיי זיכ אינ בעהוני ניט אָפּשטעלנ, דורכ בעהוני וועלנ זיי נאָר דורכפאָרנ, אונ אָפּשטעלנ וועלנ זיי זיכ ערגעצ ווײַטער ווו.

די מאכנע רײַטער האָט גיכ אָנגעיאָגט אונ איבערגעיאָגט די קינדער. לוקיאנ האָט דערפילט ווי א גאנצע כוואליע סינע איז אימ צוגעשווומענ צומ הארצנ.

די רײַטער זײַנענ שוינ געווענ ווײַט.

די קינדער האָבנ מער ניט געזענ, ווי דעמ וואָלקנ שטויב וואָס די פערד האָבנ נאָכ זיכ איבערגעלאָזנ, דערנאָכ האָבנ זיי שוינ דאָס אויכ ניט געזענ, אויסער דאָס געוויינלעכע בילד פונ די זומערדיקע גרינע פעלדער איבער ביידע זײַטנ שליאכ. אָבער אויכ אָ דאָס שיינע בילד איז פאר לוקיאנענ פינצטער געוואָרנ איבערנ קייסערס מעשאָרסימ, וואָס זײַנענ נאָרוואָס דורכגעפאָרנ. זינט ער קענ זיי האָט ער זיי פײַנט ווי דעמ טויט, באזונדערס איצטער, ווענ דאָס הארצ האָט אימ אָנגעזאָגט זייער טרויעריקע זאכנ.

די קינדער האָבנ פארגיכערט דעמ גאנג. זיי זײַנענ געלאָפנ פארסאָפּעטע אונ פאר א האלבער שאָ אנערעכ דורכגעמאכט דעמ וועג, וואָס געווערט בא זיי קעסיידער מער ווי א שאָ-

אָבער שוין אין עק דאָרף האָבן זיי צו זיי דערטראָגן ווײַבער־שע און קינדערשע געוויינען און געשרייען, ווי בייס עס ברעכט אויס אינמיטן באַנאַכט א סרייפע.

אז לוקיאַן איז געקומען צו לויפן אפ די האַראָבעצעס, האָט ער דערהערט אויסער די געוויינען א קלאַפּערײַ מיט א האַקערײַ און האָט דערזען א גרויסע צונויפלויפעניש אפן גרויסן בייזן־ווינדער.

די סטראַזשניקעס האָבן זיך צעשאָטן גרופּעסווייז איבער די הויפן, זיי האָבן געבראָכן די דעכער און די ווענט, צעוואָרפן די שטאַלן, געטאָפּטשעט די געוויקסן ארום די שטיבער.

אין אסאך הײַזער זיינען נאָך די באַלעבאַטים ניטאָ אינדער־היים, אין שטוב האָבן די סטראַזשניקעס געטראָפן נאָר קליינע קינדער און אלטע לײַט.

אויך בא לוקיאַנען האָבן זיי געטראָפן נאָר די קליינע קינ־דער און דעם בלינדן זיידן. דער טאַטע איז געווען, ווי נאָך אסאך טאַטעס זיינען געווען אין דער צײַט — אפ דער מילכאָמע. די מאַמע איז נאָך ניט געקומען פון פעלד.

די פײַנע לײַט האָבן ארויסגעפירט פון שטוב די וויינענדי־קע קינדער מיטן בלינדן זיידן, האָבן זיי אָפּגעלאָזן אפן שליאַך צווישן די פערד. די זאַכן פון שטוב האָבן זיי אפגיך ארויסגע־וואָרפן און האָבן גענומען האַקן און בראָקן אלץ, עס זאָל ניט זיין קיין שטאַל, עס זאָל ניט זיין קיין בוים און קיין גאָרטן, גאָרניט זאָל ניט זיין.

די מאַמע לוקיאַנס איז געקומען צולויפן פון פעלד מיט דער קאַראָבקע קרײַטעכץ אפ דער פּלייצע און מיטן ליידיקן הלע־טשיקל אין האַנט, זי האָט דערזען אָט די בעהאָלע, האָט זי גע־נומען פאַלן די סטראַזשניקעס צו די פיס, קושן זיי און וויינען, נאָר אומעטום כאַפּט זי א קלאַפּ, אומעטום א שטופּ, די אויערן זיינען זיי פאַרלייגט מיט טעמפּער אכזאָריעס. קיינער זעט זי ניט,

קײנער הערט זי ניט, קײנער דארף זי ניט. דערװײל האָט זי דערזען דעם אָדן אלײן, סאװינטעצקין, אין א װײַסן קאָסטיום און אין דער שטרויענער הוט מיט די צװײ דאשיקעס. ער איז געזעסן אפן פערד און האָט אָפגעגעבן באפעלן.

ארום אים זײנען שױן געלעגן בא די פערדס פיס עטלעכע הײזעריקע פױערטעס, װאָס האָבן געװײנט, האָבן געפליקט אפ זיך די לײַבער. לוקיאנס מאמע האָט זיך אויך אהין א װאָרף געטאָן, האָט אָנגעכאפּט זײן שטיװל און גענומען אים באװאשן מיט טרערן.

— האָב ראכמאָנעס, — שרײַט זי, — האר געטרײַער, אפ מײַנע קלײנע קינדער!... דעם מאן האָט איר דאָך אװעקגעטריבן אפ דער שכיטע און מיך לאָזט איר דאָ איבער...

זי האָט ניט באװיזן אויסרײדן, װי דער פּאָרעץ האָט פאר-לוירן דעם געדולד און איר געגעבן א זעץ מיטן שטיװל איבערן מויל, אז זי איז טײקעף אומגעפאלן און אירע ליפּן זײנען בא-דעקט געװאָרן מיט בלוט.

לוקיאן, װאָס איז די גאנצע צײַט געשטאנען װי א פרי-שמעליעטער, האָט זיך פלוצעם דורכגעריסן דורכן אוילעם. איבער די געבויגענע װײנענדיקע פלײצעס איז ער פלינק װי דורך טרעפּ ארויפגעפלויגן אפן פערדס רוקן און גלײַך צום פּאָרעץ אפ די הענט. ער האָט אים פלינק ארומגענומען אזוי װי מען נעמט ארום א געטרײַעם מענטשן און זיך ארײַנגעביסן מיט זײנע צײנדלעך יענעם גלײַך אין האלדז ארײַן. דער פּאָרעץ האָט מיט אימפּעט געגעבן א פליק פון זיך דאָס ייִנגל, אָבער פײַל אויסן בויגן האָט זיך דאָס ייִנגל ארײַנגעביסן אים אין האנט ארײַן און איז געבליבן הײנגען. דער צעיושעטער פּאָרעץ איז מע-װולװל געװאָרן. פאר שרעק האָט ער אפילע שרײַען ניט געקאָנט, ער האָט נאָר געגומען פאָכן צו א פאָר סטראזשניקעס מיט דער פרײַער האנט און ארויסגעלאָזן א מעשוגענעם קװיטש, זײנע טײ-

קעפ אָנגעלאָפן סטראַזשניקעס אָפ פערד און מיט די קאָנטשי־קעס געגומען שינדן דאָס קינד, ווו זיי האָבן געטראָפן. דאָס קינד האָט זיך געדרייט ווי אונטער מעסערס, נאָר אָפּלאָזן די האַנט האָט ער ניט געוואָלט. איין אורזאַדניק האָט אים דער־לאַנגט איבערן האַלדז און נאַקן און פאַרכאַפּט א שטיק. באַק מיט דער איבערשטער ליפּ. דאָ האָט לוקיאַן פאַרלאָרן דאָס רעשט ביסל באַוווּסטזיין און איז אַנידערגעפאַלן. ער איז אַראָפּ־געפאַלן ווי א טויטע ביין, וואָס מען רייסט אָפּ דערשראָקן און ניט געשיקט פון דעם אָרט לייב, ווו זי האָט געגיפּטיקט.

אז די פויערים מיט די פויערטעס, אָנגעשטרענגטע ביז גאָר האָבן דערזען, וואָס מע טוט מיטן קינד, האָבן זיי שוין מער ניט אויסגעהאַלטן און ס׳האָבן גענומען פליען שטיינער אפן פּאָרעץ מיט די סטראַזשניקעס. דער פּאָרעץ האָט אפגיך אָפּגע־טראָגן די ביינער און זיך באַהאַלטן אונטער א שטאַל, די סטראַזשניקעס זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פון די טויקן מיט די שטאַלן, האָבן געכאַפּט די ביקסן און זיך גענומען אָפּשיסן.

דאָס געשלעג האָט געדויערט לאַנג, אָבער דעם קייסערס מע־שאָרסים האָבן געזיגט. זיי האָבן אלע געהאַט ביקסן אין די הענט.

די 70 הויפן האָט מען כאָרעוו געמאַכט, די מישפּאָכעס, וואָס באַ אַסאַך זיינען די מאַנסבלען געווען אפן דער מילכאָמע, זיינען געבליבן אפן דער גאַס. די גערטנער זיינען צעטראָטן, די כודאָ־בע אַרויסגעטריבן, די שטוב־זאַכן צעבראָכן, צעטריאָשטשעט.

לוקיאַן איז צוויי טעג געלעגן א פאַרטראָגענער, אז ער האָט זיך ראַזטשוכעט, האָט שוין די מאַמע געהאַט אופגעשטעלט א קורין אין צווייטן עק דאָרף. דערנאָך... דערנאָך האָט זיך לוקיאַן אומגעשלעפּט א צענעריגטער, א צעוויייטיקטער, מיט פולע אויגן גאַל און האָט געהאָלפן איבערשלעפּן די געבליבע־נע זאַכן. ער האָט ניט געקענט אָפּזוכן, לוקיאַן, זייער הויף אפ די האָראָבצעס, נאַקעטע אויוונס אומעטום, צעבראָכענע טויערן,

א טרייפע און גאָר. פֿון דער בעהיימישער שטאָל פֿון זייערער איז געבליבן שטיין א הויכער זשוראַוול, א דארער.



זומער בין איך געקומען צו לוקיאַנען אין דאָרף אַריין. איך האָב געזען זיין מאַמען, זיין קורין, געזען דאָרט דעם זיידן און די קליינע קינדער. לוקיאַן האָט שוין אויסגעזען אַזוי ווי די ווייטעקן וואָלטן אים אָפּגעגאַנגען, נאָר ער איז געווען זייער מאָגער און האָט געכריפּעט.

נאָכן עסן האָט מיך לוקיאַן אַוועקגעפֿירט צו די כורוועס. דאָס געהילץ איז צעוואָרפֿן איבערן גאַנצן הויף, אַלץ איז צע־טראָטן, צעלאָמעט, די ווײַנשל־ביימער ביז האַלב צעבראָכן, יעדער אָפּגעבראָכן גליד, יעדער דראַפּ, יעדער ריס אַף די ביימער האָט מיך געריסן באַם האַרצן. ס׳זייער מאָדנע געווען צו קוקן, ווי־אַזוי איינע צווײַג הענגט אַראָפּ אַן אָבגעבראָכענע און א פֿאַר־טריקנטע, ווי א טויטער ביין, און אַף דער אַנדערער צווײַג גרינען בלעטער און ס׳גלאַנצן ווײַנשעלעך, ווי טרערן אַף קינ־דערשע אויגן.

ער האָט מיר געוויזן צווישן צעוואָרפֿענע קלעצער, וואָס זיינען פֿון דער אינוויינקסטער זײַט געקאָלכט, דאָס בײַשטידל, ווו די לאַסטעווקעס האָבן געהאַט זייער נעסט. די נעסט איז פּונקט געווען גאַנץ און אויסגעבעט אינווייניק מיט פֿעדערלעך, נאָר די פֿייגעלעך זיינען שוין ניט געווען, און די אייעלעך אויך ניט.

דערנאָך האָט לוקיאַן אַרויסגענומען א ביכל פֿון א באַ־האַלטן אָרט און מיר עפּעס געוויזן.

ער האָט אויפֿגעמישט דעם קייסערס בילד און געוויזן, אַז ער האָט אָנגעשריבן פֿון אונטן „קראָוואָפּיעץ״ און האָט אים אויסגעשטאָכן די אויגן.

— „דאָס האָסטו?...״ — פֿרעג איך אים.

און ער ענטפערט:

— יאָ, דערפאר, — זאָגט ער — וואָס ער האָט אונדז צע־וואָרפן די שטוב. דו מיינסט, — זאָגט ער, אז די סטראזשניקעס האָבן אונדז צעוואָרפן די שטוב? ס'איז ער! די סטראזשניקעס זיינען פראָסטע הינט — וואָס מע הייסט זיי, דאָס פאָלגן זיי.

— האָט דאָך גאָר סווינטעצקי געבראַכט צו פירן...

— יאָ, נאָר ווען ניט אָט דער אָ געלער הונט וואָלט סווינ־טעצקי ניט געהאט קיין דייע אָפּ אזעלכע זאכן, אָט וועסטו זען, אז מ'וועט גיין צוריק פון דער מילכאָמע, און אלע סאָלדאטן וועלן זיך צונויפקומען אינאיינעם, וועלן זיי זיך אויסקערעווען, וועלן נעמען די ביקסן און אָנשטעלן אָפּ די, וואָס האָבן זיי אהער געשיקט... זיי וועלן שיסן אים... אָ, זעסטו? אים וועלן זיי שיסן! זיינע פיר מיידלעך, און אלעקסייקען וועלן זיי שיסן דעם איינציקן זון זיינעם און דאָס ווייב און אלע בלוטזויגער וועלן זיי שיסן, מיט די גראָבע גענעראַלן און מיט איטלעכן.

בא לוקיאַנען האָבן זיך צעבליצט זיינע בלויע אויגן, זיין בלייך געזיכט מיט דער דינער דורכזיכטיקער און צעביילטער הויט האָט זיך נאָך מער אויסגעצויגן.

— דו מיינסט — זאָגט ער — אז מ'כ ארט פאר אונדזער שטוב? ערשט בעסער וואָס זיי האָבן אונדז צעוואָרפן די שטוב, ערשט בעסער, וואָס זיי האָבן געשלאָגן דער מאמען. איצט וועל איך זיי ערשט פיינט האָבן. איצט וועל איך זיי שוין פיינט האָבן ווי ס'געהער צו זיין, מיט אלע רייכע לײַט, מיט אלע פריצים. און מיט זייער טאטן, אָט דעם געלן ראָשע צוזאמען.

און בא לוקיאַנען האָבן געציטערט די ליפּן פון אומגע־בראַכטקייט.

לוקיאַנ האָט געהאט א פעטער, דער מאמעס א ברודער, וואָס האָט אויך געהייסן לוקיאַן. איז ער א סאָציאַליסט און האָט ניט געוואָלט גיין אָפּ דער מילכאָמע. ער האָט ניט גע־

וואָלט, זאָגט ער, שיסנ אפ אזעלכע אַרבעטער ווי ער איז, נאָר דערפאַר, וואָס זיי זײַנענ אָנגעטאָנ אינ דײַטשישע שינעלנ אָדער אינ עסטרײַכישע. האָט מענ אימ, אָט דעמ לוקיאַנענ (ער איז געווענ אַנ אַרבעטער אינ אַ גרויסער שטאָט) אַרײַנגעזעצט אינ טורמע. פונ טורמע איז ער אַנטלאָפנ געוואָרנ, אונ צוויי נעכט איז ער איבערגעווענ אינ בעהוני בא לוקיאַנענ מיט זײַנ מאַמענ, בעשאַס עס איז נאָכ געווענ זייער שטוב. דענסטמאָל האָט ער זיב, לוקיאַנ, אָנגעהערט אַסאַכ זאַכנ. איצט פאַרשטיי איכ ערשט פונוואַנעט ער ווייס אַלצ וועגנ דעמ קייסער, וועגנ די פּריצימ אונ וועגנ די אַרבעטער. אונ וועגנ די אַרבעטער, וואָס וועלנ אויסקערנ די ביקסנ אפנ קייסער אונ אפ זײַנע מעשאָרסימ מיט די גווירימ אונ מיט אַלע בלוטזויגערס.

— דו מיינסט, — האָט ער זיכ צו מיר דאַנ אָנגערופנ, אַז מײַנ טאַטע אָדער דײַנ טאַטע וועלנ עס אויפטאָנ? זיי וועלנ עפּשער אויכ גייענ אַנטקעגנ די בלוטזויגער, נאָר אויפטאָנ וועלנ עס די אַרבעטער פונ די גרויסע שטעט, די סאָציאַליסטנ, זיי פאַרשטייענ עס שוינ ווי עס געהער צו זײַנ. אונ דערנאָכ וועט שוינ קיינער ניט קומענ צעוואַרפנ אונדזער שטוב. אַ שטוב וועלנ מיר האָבנ, אַלע וואָס האָרעווענ אַליינ אפ זייער ברויט וועלנ האָבנ שטיבער.

איכ בינ מעקאַנע געווענ לוקיאַנענ, וואָס ער רעדט אַזוי דרייסט. אַבי איכ האָב פריער געמיינט, אַז ער וועט וויינענ, ער וועט זיכ קלאָגנ. ער איז אַזוי מאָגער אונ די אויגנ גלאַנצנ בא אימ אַזוי בעשאַס ער כריפּעט, אָבער צו קיינ דאָקטער האָט נאָכ אינ די מאַמע זײַנע ניט געפירט.

אַהיימוועגס, בינ איכ געגאַנגענ אונ געקלערט. מיר האָט זיכ לעבעדיק פאָרגעשטעלט, וויאַזוי דער טאַטע גייט אַהיימ פונ דער מילכאָמע. דערנאָכ קערעוועט ער זיכ אויס אונ גייט אַוועק מילכאָמע האַלטנ מיטנ קייסער אַליינ. (אַלע וועלנ דאָכ גייענ אפ אימ, אויסער די רײַכע מיט סווינטעצקינ אונ נאָכ אַזעלכע).

און מיר שטעלט זיך פֿאָר, וויאַזוי איך גיי צו מיכליענ־סאָרעס, צו דער בריפֿליוועט אָפּנעמען א בריוו פֿונעם טאַטן און אינעם בריוו שרײַבט זיך... סע שרײַבט זיך דאָרטן אינעם בריוו אַזוי:

— טײַער ווײַב מײַנס, ליבקע, און מײַנע טײַערע זון בוניטל, לעבן זאָלט איר און געזונט זײַן. איך קען אײַך שרײַבן, אַז דעם קייסער האָבן מיר שוין צעהאַקט אױף $^3/_4$, נאָך א פּערטל דאַרפֿן מיר צעבראָקן. זאָרגט זיך ניט — ס'גאָלע טרוך; א האַק — און ס'ברעקלט זיך אָפּ, א האַק — און ס'פּאַלט אָפּ. מירן ניט שאַנעווען אײַך דאָס ווײַב זײַנס מיטן נאַסלעדניק, מיט די גענעראַלן און מיט דער גאַנצער סוויטע. דערנאָך וועלן מיר קומען אַהיים און זיך נעמען צו סווינטעצקען מיט זײַנע לײַט, אויב זיי זײַנען נאָך ניט צעלאָפֿן געוואָרן. אין שטאָט וועלן מיר מאַכן פּאַראַדקעס לײַטישערע, ווי עס זײַנען געווען ביז איצטער, לאָוורין וועט אויבעט קומען מיט מיר צוזאַמען, גיב איבער א גרוס לוקיאַנען מיט אַלע איבעריקע.



זינט יענעם פֿאַרנאַכט איז שוין אַוועק זעכצן יאָר. איך בין שוין ניט אין סלאָוועשנע, נאָר אין א גרויסער ראַטן־שטאָט מיטן נאָמען קיעוו...

אונדזערע טרוימען, ווי קינדערש קליינשטעטלדיק מיר האָבן זיי ניט אויסגעשטעלט, זײַנען זיי דאָך מעקוים געוואָרן.

— און איצט, איצט האָט א בלעטל פֿון קאַלענדאַר מיך אַרופֿגעפֿירט אױף די אַלע זיכרוינעס. דעם 16־טן יול האָט איך אָפּ א בלעטל פֿון קאַלענדאַר, קער עס איבער אױף דער רײַס לינקער זײַט און לייען:

**וויאַזוי מע האָט צעשאָסן דעם בלוטיקן צאַר ניקאָלײַ דעם צווייטן.**

פאר מיר איז עס ניט קיין נײַס, נאָר איך לייען עס גערן א היפש ביסל מאָל:

„אין יעקאטערינבורג איצטער סווערדלאָווסק... דער אוי-ראלער געגנט־קאָמיטעט... אָן א געריכט... איבער די און די סיבעס געמאָלדן זיי די באשטימונג. אין דער זעלבער נאכט צעשאָסן ניקאָלײַ ראָמאנאָוו, זײַן ווײַב, זון, פיר טעכטער און פינף נאָענטע קרויווים.

דער זון מיט די פיר טעכטער האָבן זיך מיר אײַנגעשניטן אין זיקאָרן מער ווי אלע איבעריקע. צי האָבן זיי זיך אין זייער געדאַנק עפשער אָנגעשטויסן אויך אפ איינעם א יאטל מיטן נאָמען לוקיאן האָראָבײַ, וואָס האָט אין עלטער פון צען־צוועלף יאָר זיי ארויסגעטראָגן א טויט־אורטייל. ער איז געווען איך ווייס ווו און זיי איך ווייס ווו. ער — א קינד, האָט זיי „פארמישפעט“.

„אים“ — זאָגט ער און ווײַזט אָן אפ דעם בילד מיטן געל בערדל און מיט די ארויסגעשטאָכענע אויגן, — אָט זעסטו? „אים“ וועלן זיי שיסן, זיינע פיר מיידלעך, און אלעקסייקען דעם איינ-און־איינציקן זון און דאָס ווײַב וועלן זיי שיסן, אלע בלוטזוי-גערס וועלן זיי שיסן.

ליבער לוקיאן, איך וואָלט צו אים געשריבן א בריוו, איך וואָלט געפאָרן זיך זען מיט אים, נאָר איך וועל אים אין ערגעץ ניט טרעפן. לוקיאן האָט אפילע קיין יאָר ניט געלעבט נאָך די נאָהײַקעס מיט די פויסטן, וואָס דערוואקסענע טאליאָנישע הענט, האָבן געהאָגלט אפ זיין קינדעריש שוואכן גוף.

לוקיאן האָט ניט דערלעבט צו זען מיט זיינע אויגן אָט די ענדערונגען, וועלכע ער האָט מיט זײַן אופגעוואכטער קינדע-רישער פאנטאזיע פאר מיר דאָן אזוי דרייסט געמאָלט.

ליבער לוקיאן, עס לעבט און עס וועט לעבן אין מיר אײַ-ביק דײַן ליכטיקער קינדערשער אָנדענק.

יול 1932.



# שטעלמאהאָ

שטעלמאהאָ פּ אָ־
טער איז אַנ אלטער
מאנ. אז מע גיט אימ
א פרעג, וויפל איז ער
אלט, טוט ער א מאכ
מיט דער האנט, דאָס
זאָל הייסנ: ווער קאָנ
זיכ דאָס אזויפיל אָנ־
געדענקענ! שוינ בא
די פופציק יאָר, אז
ער איז פאסטעכ אינ
צאָטשענ. פריער אינ
עקאָנאָמיע באמ די־
דיטש * אונ דערנאָכ
באמ דאָרפ. ער קאָנ
ניט לייענענ, ער קאָנ
ניט שרייבנ. נאָר אינ
דער געגנט איז ער
געניט. ער איז שוינ דאָ אויסגעגאנגענ דעמ וואלד אינדערלענג
אונ אינדערברייט. ווייסט, ווו יעדער ריטשקעלע געפינט זיכ

* ערד־אייגנטימער.

ווי יעדער קוסט. איצט איז ער פאסטעכ אינ צאַטשענער קאָל־ווירט.

— אלטע לייט, — זאָגט ער, — האָבנ נאָכ אמאָל אויכ געזאָגט, אז ס׳וועט ווערנ גוט אַפ דער וועלט. אָט דאָס אלצ איז דאָכ געשריבנ, — זאָגנ זיי, — אינ די ביכער, אז פונ אלע קעשענעס וועט ווערנ איינ הויצאָע, פונ אלע שטאלנ איינ הויפ, בא אלע פעלקער איינ צונג. אָבער ווער האָט זיכ געקאָנט ריכטנ, אז ער, שטעלמאהאָ, זאָל עס דערלעבנ זענ מיט זיינע אויגנ.

— ווונדער איבער ווונדער, — מאכט ער, — אכ, ווענ דער אמאָליקער דידיטש זאָל אופשטיינ פונ קייווער אונ א קוק טאָנ, וואָס דאָ טוט זיכ. וואָלט ער צעפלאצט אונ צעשפרונגענ געוואָרנ. מע וואָלט אימ נאָכאמאָל מוזנ באגראָבנ.

— די זשעבושיקעס בא אימ אינ די פאלאצנ מאכנ דאָכ גומעלאסטיקע.

סע געפעלט אימ גוואלדיק, וויאזוי די כעוורע מאכנ גימנאסטיק. אונ אז שטאָטישע פיאָנערנ האלטנ לאגער ניט ווייט פונ צאַטשענ, טרייבט ער אָנ אהינ נאָענט די טשערעדע אונ ער איז מיט זיי א גאנצער מעכוטנ. ער הערט זיכ צו, וואָס זיי לייענענ, וויאזוי זיי שפילנ.

— זיידינקע שטעלמאהאָ, — מאכט איינמאָל צו אימ דער קלייגער זעלמל, — וואָס טוסטו ווינטער, בעשאס דאָס פי שטייט אינ די שטאלנ?

— ווינטער, — זאָגט ער, — היט איכ באנאכט די קאָמפּיראציע.

— אינ קאָאָפּעראטיוו ביסטו א שוימער?

— אָט־טאָ! בא דער קאָמפעראטיווער קראָם גיי איכ ארום איבער די נעכט מיט א פעלצ אונ מיט א קאָלאָקאָטקע.

— נו, אונ באטאָג וואָס טוסטו?

— באַטאָג? גאָרניט. אַביסל שלאָפּט מען און אַביסל גלאַט אַזוי.

— נו, אויב גלאַט אַזוי, — מאַכט שוין זעלמענקע, — איז גוט. זאָלסט וויסן זיין, זיידינקע, אַז מירן דיר שיקן בריוו און מירן דיר שיקן אונדזער צייטונג, וואָס מיר לאָזן אַרויס אין שול. דאָרטן וועט זיך שרייבן פון דיר אויך, וויאַזוי דו האָסט אונדז דאָ אָנגעוויזן די בעסטע קוואַלן, האָסט אונדז געהאָלפן שניידן צווייגן און גייסט מיט אונדז אינאיינעם צום טייך...

דאָ האָט זיך שטעלמאַהאָ פאַרטראַכט. עפּעס אַזויווי אַ כמאַרע האָט זיך אַרופגעלייגט אַף זיין שטערן און אַף זיינע קנייטשן אַרום די אויגן.

זעלמל קוקט אָפּן אַלטינקן. ער וואַרט, דער אַלטער זאָל אים עפּעס זאָגן, און ס'איז אים אויך געוואָרן שאָפּל אָפּן האַרצן, * וואָס דער אַלטער שווייגט און איז אַזוי פאַרטראַכט.

— זיידע, אַ, זיידע?

— נו?

— וואָס איז דיר אַזעלכע?

— מיר? גאָ... גאָרנישט.

— וואָס־זשע האָסטו זיך פּלוצעם פאַרטראַכט?

ער האָט ניט געוווסט, פון וואָס אָנהייבן.

— נו זיידינקע, זאָג שוין, — האָט זיך זעלמעלע נאָך אַ קליינער האַפּסאָקע אָנגערופן.

— אָכ־אָ־כאָ, האָט דער זיידע געענטפערט, און די האַנט האָט זיך בא אים אַראָפּגערוקט איבערן גלאַטן שטעקן. — איך וועל שוין דאָך שטאַרבן און זיך ניט קאָנען אַפילע אונטער־כאַטמענען... ווילט איר גאָר שרייבן בריוו צו אַזאַ אַלטן נאַר, ווילט איר.

* געפאַלן די שטימונג.

— עס איז נאָך ניט פארפאלן, ווידינקע שטעלמאַכאָ,— האָט זעלמל געזאָגט, — מירן שוין דערפון רעדן.

פון לאגער האָט מ... קאָמאנדירט זעלמעלען מיט וויכנען, זיי זאָלן ליקווידירן באַם לטן פאסטעך די אמבראצעס. מע האָט זיי דערפאר באפרייט ...ון די דעזשורסטוועס אין לאגער און פון אלע אנדערע ארבעטן.

האָבן האָבן זיי געהאט מיט זיך אלץ: אי פאפיר, אי בלייַערס און אן אלעפבייז א געשריבענעם, מיט אן אלעפבייז א געדרוקטן.

אָבער א מאָדנע זאך: דער אלטער נעמט אין האנט אריין דעם בלייַער, איז אָדער דער בלייַער פאלט בא אים ארויס פון האנט, אָדער ער קוועטשט אים אזוי צונויף צווישן די קאָראווע פינגער, אז ער גראָבט זיך אייַן אין העפט און צערייַסט עטלעכע פערטל פאפיר מיטאמאָל.

אז די קינדער זייַנען אוועק אין לאגער, זייַנען זיי געווען ניט אין גאנצן פרייַלעך.

— עפעס גייט עס ניט,— זאָגט וויכנע, און זעלמל שוויַיגט אינגאנצן.

— מירן שוין זען, וואָס מאָרגן וועט זיין,— גיט וויכנע ווידער צו.

אפ מאָרגן זייַנען זיי געקומען. זיי טוען א קוק, די טשעדעדע פאשעט זיך, זי איז שוין פארגאנגען ווייס ...יך ווו, און דער אלטער זיצט נאָך דאָרטן גאנץ ווייַט און פאָרקעט זיך עפעס מיט זאכן.

די קינדער זייַנען אָנגעגאנגען נעענטער. ערשט זיי דערזען — לעבן דעם אלטן ליגן אסאך שטיקער בערעזעווע קאָרע און הובקע פון בוימער. אפ דער פאָלע איז בא אים דאָ אן אָל, אין האנט — א מעסערל, און ער קריצט אָן מיטן מעסערל אפ דער קאָרע אויסיעס, וואָס מע האָט אים נעכטן געלערנט, נאָר

די אויסיעס זייגענ מערער ענלעכ אפ פייגעלעכ אונ אפ דריידעלעכ, אפ ציגענע אונ אפ שאָפּענע פּיסלעכ, ווי אפ אויסיעס. זעלמל דער קאדובטשיק האָט זיכ דערפרייט.

— זעסטו שוינ, וויכנע! זיינע פינגער זייגענ צו מיינ בלייער ניט געוווינט.

זיי האָבנ אָנגעיאָגט די טשערעדע אונ זיכ גענומענ צו דער לעקציע.

דער אלטער האָט געפּילנעוועט. ער האָט געגעסנ אונ געטרונקענ באמ שרייבנ. ער האָט אפנ געלעגער ניט אָפּגעלאָזט די שטיקער קאָרע מיטנ מעסערל.

אונ אינ א וואָכ ארומ, אז דער אלטער האָט שוינ געקאָנט צו איטלעכנס פרייד, זיכ אונטערשרייבנ אונ דאפקע מיט א בלייער אונ דאפקע אפ פּאפּיר, פלעגט ער עס טאָנ אָט וויאזוי: ער פלעגט נעמענ דעמ בלייער צומ מויל, אימ גוט אָנטונקענ לעבנ דער צונג אזוי, אז אפ די ליפּנ אונ אפ דער צונג איז בא אימ געווענ א בלויער צייכנ. אונ אָט האלט ער שוינ דעמ בלייער איבערנ פּאפּיר אונ ער זאָגט זיכ אליינ אונטער:

— דריי פּלעקער מיט א פּאָדוואלינע — Ш   שע

אונ ווייטער א טונק דעמ בלייער לעבנ דער צונג:

דריי סטופּעס מיט א נאשליאפּניק — Т   טע

דריי ווענט מיט א צינגעלע אינמיטנ — Е   ע

א הויכע דוהע א שמאָלע — Л   לע

נאָכ א העקעלע אזוי זיכ,

וועט זיכ אויסריידנ ווייכ — Ь

צוויי ווילקעלעכ איינס ארומ איינס — М   מע

איינ קראָקווע איבערגעהאקט

אינמיטנ מיט א פּאָפּערעטשקע — А   א

א קרוק פארבויגנ פונ ביידע זייטנ — Г   הא

א בייגל פאר א צענער — О   אָ

„שטעל־מא־האָ״
און „פּיאָטער״ — איך אַזוי,
אַלע זײַנען געווען פריילעך:
— פאַר אײַן וואָך! פאַר אײַן וואָך!
שטעלמאַהאָ איז געווען פרײלעכער פון איטלעכן.
— באַשערט מיר אָפּ דער עלטער, — זאָגט ער, — ווער איך אַ גראַמעטנער. איבעראַיאָר, אַז איר וועט קומען, וועל איך צע־טראָגן פּאַפּירן אין דער סעלראַדע. איך וועל שוין קענען אי־בערלייענען און כאַסמענען וועל איך זיך קענען. אײַ, די קליינע זשעבזשיקעס, די קליינע, זיי זאָגן, ס'נאָך ניט פאַרפאַלן, זאָגן זיי.
— וואָס זאָגט איר, קינדער, איך וועל זיך באַדרייען אָן אַ בריל אויך, צי איך זאָל זיך אויסשרײַבן אָפּ איבעראַיאָר אַ פּאָר ברילן? האַ־אַ־אַ?



# ווערליק און פאַדליק.

באָנציע שאָר האָט ליב געהאַט זײַן טאַטן, באָנציע שאָר האָט פֿון קלײנװײַז אום מער ניט געזען קײן פֿרײַנט. זײַן מאַמע געדענקט ער ניט, זי איז געשטאָרבן אַ טאָג נאָך זײַן געבוירן, און פֿון איר איז געבליבן אַ קלײן קאַרטעלע, װאָס הענגט בײַ זײ אונטערן אַלטן ... דישן שפּיגל און עפּעס אַ מאָדנע פֿאַרנעפּלט־קײט, װאָס איז געגליכן צו אַ װײַטן אָנדענק.

אופֿגעצויגן באָנטשיקן האָט דער טאַטע אין זײער קלײן געפּינקעװעט שטיבעלע, װאָס שטײט לעבן טויער פֿון זײער אַלטן ציגעלניע־גאָרטן. דעם גרויסן און לאַנגן יערושע גאָרטן, װאָס איז שוין קימאַט אינגאַנצן צעגראָבן אין גריבער אָפּ לײם.

דער טאַטע האָט אים געהײסן, באָנטשיקן, װי אַן אויג אין קאָפּ. אים אופֿגעצויגן און געזען, ס׳זאָל אים ניט זײַן אומעטיק. אַז ער פֿלעג אַװעקגײן צו די גריבער און צו די ציגל,

פלעג ער מיטנעמענ באָנטשיקנ א קליינינקנ פונ צוויי יאָר עפשער, אימ איינמאָסטענ אפ א ווייכ אָרט אינ גראָז, אונ ער אליינ שפאַנט דערווייל דאָס פערד ער זאָל דרייענ די ראָד, וואָס קנעט די ליימ אינ א גרויסנ קיילעכדיקנ הילצערנעמ קאסטנ, וואָס איז איינגעגראָבנ אינ דער ערד. דער טאטע טרייַבט אָנ דאָס פערד, גייט ארומ דער ראָד אונ מאכט בייס מייַסע ביינדלעכ, וואָס איינצייַטיק טרייַבנ זיי דאָס פערד אונ צעלאכנ דאָס יאטל וואָס זיצט דאָרט אינ גראָז.

מיכל דער ציהעלניק, באָנטשיקס טאטע, האָט נאָכ געהאט א מאָדע איינע: ער האָט ליב געהאט כקירענ אונ רעדנ קעסיידער מיט „וועדליק“ אונ „פאָדליק“.

צומ פערד, ווענ ער טרייַבט אימ אָנ, רופט ער זיכ אָנ אמאָל מיט אזא לאָשנ:

— וועדליק דו ביסט אנ אלטע נעווילע אונ א שקאפע א פוילע, וואָלט איכ דיכ דאפקע ניט געוואָלט קענענ; נאָר פאָדליק דו העלפסט מיר, מיכלענ דעמ ציגעלמאכער, וואָס אליינ וואָלט ער אזא גרוב מיט ליימ ניט אויסגעקנאָטנ, איז מי-לע. נאָר ווייַז וואָס דו קענסט. ריר זיכ אביסל, קאלע געראָטע-נע. פאָשע פונ דייַנעטוועגנ וועט הייַנטיקע וועסנע קלעקנ, וויאָ.

מיכל טייַנעט מיטנ פערד, גייט נאָכ מיט דער בייַטש ראָד ארומ אונ דער צוויי-יאָריקער באָנטשיק שפילט זיכ דערווייל אינ גראָז, קלייַבט אויס גרינע קווייטנ מיט געלע קעפעלעכ אונ קוועלט אָנ פונעמ טאטנס כאָכמעס.

ווענ די קאָמוניסטנ האָט מיכל קעסיידער אזוי געכקירעט,

— וועדליק זיי זיינענ שקאָצימ אונ ווילנ קיינ מינכע ייט דאוונענ, קומט זיי טאקע שמייַסנ, נאָר פאָדליק זיי זייַנענ „אמכאָ“ אונ „נאָש בראָט“ אונ פאָדליק זיי ווילנ אויסגלייַכנ די וועלט, אז דער ארבעטער זאָל זיכ בא אונדז רעכענענ פארנ בעסטנ מענטשנ איז — ליובליו! זייַנענ זיי בא מיר מאָלאָדצאָמ.

פאַמעלעכקע גייענ די יאָרנ אונ באָנטשיק איז שוינ אינ שול אינ דער צווייטער גרופּע.

אינ שול לערנענ זיכ אַרבעטער-קינדער. אייגמאָל פירט מענ דורכ אינ שול אַנ אנקעטע; בא וועמענ האָבנ די עלטערנ גע-באַקט אַפּ פּייסעכ מאַצעס אונ בא וועמענ גלייבנ די עלטערנ אינ רעליגיע.

באָנטשיקנ איז געוואָרנ אַ כאַרפּע, ער ווייסט, אַז זיינ טאַטע טוט אָנ אַלע אינדערפרי אַ טאַלעס אונ בינדט אַרומ אַרומ קאָפּ אונ אַרומ האַנט צוויי קליינינקע טפילימלעכ. לעמ פּריפּעטשעק שטייט ער אונ בריט מילעכ אינ אַ קופּערנעמ פּענדל פונ זיינעט אונ פונ באָנטשיקס וועגנ אונ ברומט עפּעס אונטער דער נאָז מממ מממ.

טאָמער וויל אימ באָנטשיק עפּעס אַ פרעג טאָנ בעשאַס ער דאַווענט, ענטפערט ער אימ:

— נו, אָ.

איינער מיינט: אָהעק, שייגעצ, מע טאָר ניט איבערשלאָגנ.

באָנטשיק האָט זייער ליב געהאַט דעמ טאַטנ אונ זיכ גע-שעמט מאַכנ דעמ טאַטנ באַמערקונגענ. ס׳האָט אימ אָבער גע-אַרט אונ געטאָטשעט קעסיידער אַזוי לאַנג אונ אַזוי ברייט, ביז איינמאָל אינ אַ מיטוואָכ פאַרנאַכט, [illegible] ער איז געגאַנגענ מיטנ טאַטנ אָנשניידנ גראָז פונ דער בעה[illegible]עס וועגנ, נעמט ער גאָו אונ צעוויינט זיכ.

מיכל האָט זיכ דערשראָקנ, ער האָט געמיינט, אַז באָנטשיק האָט זיכ איינגעשניטנ די הענט מיטנ שנייד-מעסער. ערשט ס׳ניט דאָס. אונ נאָכ לאַנג אויספרעגנ דערציילט קאַמ באָנטשיק, אַז ער שעמט זיכ אינ שול, וואָס זיינ טאַטע גלייבט אינ רעליגיע.

— נאַרעלע, האָט צו אימ מיכל אַ זאָג געטאָנ. — זאָלנ עס די בורזשויענ מער ניט האָבנ אַפּ וועטשערע, וויפל איכ גלייב שוינ אינ רעליגיע.

— פארוואָס זשע דאַוונסטו?

מיכל האָט זיך אופגעהויבן פון גראָז מיטן שנײַד־מעסער אין האַנט. ער האָט פריִער א קוק געטאָן צו דער ווײַסער שקאַפּע צו זייערער, וואָס האָט זיך געפּאַשעט פונדערווײַטנס, א גע־פּענטעטע, דערנאָך צום הימל מיט די צעריסענע ווײַסע כמאַרעס, דערנאָך צו באָנטשיקן מיט דער קופּקע אָנגעשניטענע גראָז. דעם שטערן האָט ער אָנגעצויגן, דעם ארומגעבונדענעם ווײַז־פינגער האָט ער א הייב געטאָן ארוף:

— אונ אויס גאָט, הייסט עס?

— בא באָנטשיקן, וואָס איז אלע יאָרן א דאַרינקער אונ א בלייכינקער, האָט זיך א ווײַז געטאָן די פאַרב אין די באַקן. זײַנע גרויסע אויגן האָבן זיך צעעפנט אונ ער זאָגט:

— ווער סע האַלט מיט די באָלשעוויקעס, דער גלייבט ניט אין קיין גאָט.

מיכל ציגלמאַכער האָט זיך צוגעזעצט לעם א הילצערנער צוויי־ציגלדיקער פאָרמע, וואָס איז אויסגעשמירט אין גרויער פּאַרטרוקנטער ליים אונ האָט אָנגעהויבן אפ זײַן אלטן שטייגער:

— ווערליק מע זאָל זיך צוהערן צום ראָוו מיטן סידער מיטן אָרענקוידעש, קומט אויס, אז מען דאַרף יאָ דאַוונען. נאָר פּאָדליק מע זעט, אז אלע „דובאָוונע" (קולט־אָנגעשטעלטע) זײַ־ענען גאָטס גאַנאָווים אונ דרייען אומזיסט א קאַפּטער, קומט אויס, אז מע דאַרף נישט דאַוונען... המ... אונ שאַבעס ווילסטו זאָל איך אַרבעטן בא די ציגל?

באָנטשיקן איז געוואָרן ליכטיקער פון דעם, וואָס זײַן טאַטע איז גאָרניט אזא פרומע נעשאָמע אונ ער האָט שוין אויך אָנ־געהויבן מיט „ווערליק" אונ „פּאָדליק":

— ווערליק, — מאַכט ער, — מע דאַרף אָפּרוען איין טאָג אין דער וואָך, וואָלסטו מעגן שאַבעס ניט אַרבעטן. נאָר פּאָדליק ס'איז אלציינס וועלכן טאָג מע זאָל ניט אויסקלײַבן, טאָ קלײַב

אויס בעסער דעמ טאָג, וואָס די אורטײלנ ארבעטנ שט, אָדער דעמ טאָג, וואָס איכ לערנ ניט אינ שול: בא אונדז אינ שול איז א „פיאַטידענקע“.

מיכל האָט זיכ אָנגענומענ בא זײַנ שמאָל לײמ־קאָלירנ בערדל, די גרויע אויגנ האָבנ בא אימ געבליצט מיט נאכעס, וואָס ער האָט דערלעבט, ער זאָל שוינ קענענ רעדנ מיט זײַנ זונ פונ „אײדעלע“ זאכנ.

— א־נו! — האָט ער פּלוצעמ א טרײַב געטאָנ די ווײַסע קאָ־פּילע, וואָס איז געקומענ צו שפרינגענ אונ גענומענ צופנ דאָס אָנגעשניטענע גראָז. — א — נו, נעווײלע, אָב דיר א שווארצ יאָר! ביסט אָנגעקומענ אפנ גרײטנ?! — אונ צו באַנטשיקנ צוריק מיט א פרײלעכ קאָל. — אכ, קלײנער בײַסטרוק, וואָס דו ביסט! זאָגסטו הײסט עס — א פיאַטידענקע?! וועדליק דער טאטע מיטנ זײדנ האָבנ דאָ געארבעט בא די ציגל, האָבנ זײ ניט גע־וווּסט פינ קײנ פיאַטידענקע, נאָר פאָדליק די באָלשעוויקעס מאכנ א נײַע וועלט אונ די נײַע וועלט איז טאקע עפּשער קלוגער, טאָ זאָל שוינ זײַנ א פיאַטידענקע... נו... אונ דער טאַלעס?

— אויב דו ווילסט?!... קענ איכ אימ אָפּטראָגנ אינ אוטיל.

— אוי, ביסטו א בײַסטרוק, — האָט מיכל מיט נאכעס א זאָג געטאָנ אונ פאנאנדערגעשארט מיטנ פארבינדענעמ ווײַזפינגער די ברוינע וואָנצעס, וואָס זײַנענ אימ אראָפּגעפאלנ אייבערנ מויל, — אוי בײַסטרוקל, בײַסטרוקל! גאָר גענומענ א גאנצשטיקל וואָלנס אונ אָפּטראָגנ אינ אוטיל?... איכ וועל דיר פריער... אופנײַענ פונ אימ א גארניטערל... דערנאָכ וועל איכ אימ... אויסוואשנ, אונ וועדליק אונ פאָדליק דו וועסט אימ פארנוצנ געזונטערהײט אונ דערנאָכ טראָג אימ וווּהינ דו ווילסט, פונ מײַנעטוועגנ מעג אפילע זײַנ אינ אוטיל סירע־ווי־נא! אונ וועדליק אונ פאָדליק די ראבע וועט שוינ הײַנט האָבנ א גוטע וועטשערע, טאָ סומ... יאָ... אונ מינכע דאווענענ, הא?.. די מינכע

זאָגסטו, האָט א ציג אויסגעגעסנ ?! הא ? איַ דו ביַסטרוקל, ביַסטרוקל, עס איז דאָכ אלצ א געווינשאפט, זאָג איכ דיר. נו, האָב איכ זיכ פונ רויכערנ יאקאָס אָפגעווינט ?! וועל איכ זיכ מירצעשעמ פונ דערופ אויכ אָפגעוויינענ !..

מארט 1932 יאָר.



# באַקלערט

זומער, אַז נעכאָ־
מעלע איז געשלאָפן אפן־
באַנק־בעטל לעבן פענ־
צטער, איז איר געווען
גוט. זומער פלעגט זי
אָפט עפענען דאָס פענ־
צטער אף א גאַנצער
נאַכט, און פון די גער־
טנער, וואָס אַנטקעגן,
זײַנען געגאַנגען גוטע
רייכעס אַהער. און עס איז
געווען אַזוי ליב גאַנצפרי אופעפענען די אויגן און דערזען, אַז דאָס זונעלע קוקט שוין אַרײַן אַהער (סע איז שוין אופגעשטאַנען נאָך פריער פון נעכאָמעלען).

איצט איז האַרבסט. מע גייט שוין פון צוויי וואָכן אין שול, און נעכאָמעלע שלאָפט ווײַטער לעבן פענצטער אפן באַנק־בעטל טאַקע אף איר פריערדיקן אָרט. דאָס פענצטער איז אפילע פאַר־מאַכט, נאָר עס איז נאָך ניט פאַרקלעפּט אף ווינטער, בלאָזט דורך די שפּאַרונעס א שלעכט ווינטל אַן אײַנגעגעסנס.

נעכאָמעלע דעקט זיך און קוטעט זיך אין א דינער אויסגע־ריבענער זאַך, וואָס עס איז אַמאָל געווען א זומערדיק קאָלדרע־

לע, אונטערגעצייט אויך מיט א דינער צענערעוועטער זאך, וואס איז געווען אמאָל א לײַלעכל. ציכטיק איז געווען בא זיי ציכטיק אינ שטוב, נאָר די מוטער קלאָגט זיך קעסיידער: „קענענאָרמי פיר קינדער לערנענ זיך אינ שול... דעמ א שיכעלע, דעמ א קליידעלע דארפמ מענ מאכנ אונ סע סט־יַעט נים.“

נעכאָמעלע איז עלטער פונ רייזלענ מיט אווריעמלענ מיט שמוליקנ. ווייסט זי, אז די מאמע האָט רעכט: דער טאטע האָט רעוועט אייגער אליינ אפ איטלעכנ. ער פארקויפט ברויט אינ צעראבקאָפּ. אָטאָ, לאָמיר נאָר אניסל אינטערוואקס: אונ העלפנ ארבעטנ, וועט ווערנ אסאך גרינגער.

אזוי ליגט נעכאָמעלע אפנ באנק־בעטל לעבנ פענצטער אונ קלערט. אינדרויסנ בלאָזט א ווינט אונ קריכט דורך די שפּארונקעס. א בייזער ווינט אנ איַנגעגעסענער. דער לאָמפּ איז אויסגעלאָשנ. אלע שלאָפנ שוינ לאנג, אונ נאָר זי קענ ניט אנשלאָפנ ווערנ איבערנ ווינט. אונ עפשער ניט נאָר איבערנ ווינט. נעכאָמעלע קענ ניט אנשלאָפנ ווערנ איבער נאָך א זאך: נעכטנ האָט מענ אינ שול אינ רינג געמאָלדנ, אז יעדער קינד זאָל ברענגענ 15 קאָפּיקעס אפ דער מעלוכע־האלוואָע „פינפיאָר אינ פיר“. אלע ארבעטער קויפנ, אלע אָנגעשטעלטע קויפנ, אונ קינדער טאָרנ אויך ניט אָפּשטיינ. אוואדע טאָרנ קינדער ניט אָפּשטיינ! קינדער דארפנ נעמענ א גרויסנ אָנטייל אינ בויענ דעמ סאָציאליזמ. נעכאָמעלע נעמט אויך א גרויסנ אָנטייל.

אָבער, וואָס טוט מענ מאָרגנ מיט די 15 קאָפּיקעס? זי וועט ניט זאָגנ דער מאמענ, זי זאָל איר געבנ געלט. זי ווייסט, אז די מאמע האָט ניט.

אינדערפרי איז נעכאָמעלע געגאנ אינ שול אריינ זייער פארקלערט אונ צעקראָכנ.

אז זי האָט אופגעהאנגענ דעמ מאנטל אינ קאָרידאָר אפ

דער שראגע, האָט זי געמיינט, אַז עס איז נאָכ פרי, ערשט זי
זעט, עס איז שוינ שטיל אינ קאָרידאָר, און אינ טיר פונ איר
קלאס האָט איר אַ שווינדל געטאָנ דער לערערקעס פלייצע. זי
האָט געגעבנ גיכ א לאָפ אינ קלאס, זיכ אריינגעגליטשט צווישנ
דער לערערקעס האנט אינ טיר און איז געוואָרנ רויט, וואָס
אלע קינדער זיצנ שוינ אינ די ערטער, און זי איז געקומענ די
לעצטע.

אפ דער ערשטער הפסקה, די קינדער ראַשנ שוינ אלע
אינ קאָרידאָר, איינ נעכאָמעלע איז נאָכ געבליבנ אינ קלאס. זי
איז צוגעגאנגענ שטילינקערהייט צו דער לערערקע.

די לערערקע האָט עפעס געקוקט אינ די קינדערשע העפטנ.
אַז זי האָט דערזענ נעכאָמעלענ ווארטנ, זאָגט זי:

— א, נעכאָמעלע! דאָס האָסטו היינט שיר ניט פארשפעטיקט?
ס'מאכט ניט אויס. דערפאר קומסטו קעסיידער פונ די ערשטע
נו, וואָס? ווילסט עפעס פרעגנ?

— כאָווערטע ראָזע, איכ האָב באקלערט... — האָט נעכאָמעלע
אָנגעהויבנ מיט א ציטערדיק קאָל און האָט ניט געקאָנט ענדיקנ.
ס'האָבנ זיכ איר געשטעלט טרערנ אינ די אויגנ. זי האָט זיכ
צעוויינט.

די לערערקע האָט ארומגענומענ נעכאָמעלענ, זי צוגעטוליעט
צו זיכ און איינגעשטילט. און נעכאָמעלע האָט שוינ איר דער־
ציילט, וואָס סע קלעמט זי: זי האָט ניט געבראכט היינט קיינ
געלט אפ דער האלוואָע, און זי וועט מאָרגנ אינ שפעטער אויכ
ניט קאָנענ ברענגענ קיינ געלט. די מאַמע האָט ניט. נאָר זי האָט
באקלערט...

אינ שול האָבנ אלע זייער ליב געהאט נעכאָמעלענ. זי איז
געווענ זייער א לעבעדיק מיידעלע. האָט קעסיידער געטאנצט
און געשפרונגענ. זי איז ניט געווענ קיינ צעקראָכענע און אלצ
קעסיידער אָפגעטאָנ פינקטלעכ און צו דער צייט.

— וויינ ניט, — וויינ ניט, — האָט איר די לערערקע געזאָגט — וואָס האָסטו באַקלערט?

צו דער צייט האָט זיכ נעכאָמעלע שוינ איינגאַנצנ באַרויקט, אונ באַקלערט האָט זי אָט וואָס: זי ווייסט א גוט אָרט פונ קראָפּעווע. קאָנענ די קינדער פונ דער צווייטער גרופּע אַלע גיינ אַהינ אָנשנײַדנ אַסאַכ קראָפּעווע אונ פאַרקויפנ די קראָפּעווע דאָרט, ווו בעטנ היגדעט ארבעט. זי ווייסט, נעכאָמעלע, אַז מע קויפט דאָרטנ קראָפּעווע אינ אַלערליי קריטעכצער, זי האָט געזענ. וועלנ די קינדער דערווײַל פאַרשפּאָרנ בעטנ בא די מאַמעס געלט.

— אויסגעצייכנט! — האָט זיכ די לערערקע דערפרייט. — איכ האָב אויכ געקלערט, אַז די קינדער קאָנענ אַליינ פאַרדינענ אָפּ דער האַלוואַ, אָבער דײַנ אײַצע איז נאָכ א גרינגערע. גוט! קענסט גיינ זיכ שפּילנ, ס'וועט שוינ אַלצ רעכט זײַנ.

נאָכ דעמ לימעד האָט די לערערקע געמאַכט א פאַרזאַמלונג פונ דער צווייטער גרופּע. העשיק דער קליינער איז געזעסנ באַמ טיש פאַר א פאָרזיצער.

אַז די לערערקע האָט דערציילט, וואָס נעכאָמעלע לייגט פאָר, האָבנ זיכ אַלע קינדער אָנגעכאַפּט.

— גוט, גוט, מירנ גיינ!

— איכ ווייס אויכ אַנ אָרט!

— איכ ווייס אַנ אָרט פונ גאָר אַסאַכ קראָפּעווע! — האָט איינ יינגל געזאָגט.

אונ מע האָט אָפּגערעדט, אַז נאָכ מיטאָג — דרײַ אזייגער קומט יעדער קינד מיט א רעדנע, א זאַק אָדער מיט א קערבעלע אונ ווער עס האָט א שנײַד־מעסער, זאָל ברענגענ.

העשיק דער פאָרזיצער קענ ניט אויסרעדנ קוסטאַרנ-קלוב, זאָגט ער, אַז מע זאָל זיכ צונויפקלײַבנ אַלע לעבנ קאַסטאַרנ-קלוב. פונ דאָרט וועט זײַנ נעענטער צו גיינ.

מער פֿון איטלעכן איז נעכאַמעלע געווען פֿריילעך. זי האָט געוווסט א גוט אָרט פֿון קראַפּעווע.

דרײַ אזייגער, אז אלע קינדער מיט דער לערערקע האָבן זיך צונויפגעזאמלט לעבן דעם קוסטארן־קלוב, איז נעכאַמעלע געגאַנגען מיט איר סערפּ און זאַק די ערשטע ווײַזן איר אָרט פֿון קראַפּעווע.

אַסאך קינדער האָבן געבראַכט הענטשקעס מיט זעק און סערפּעס, און סע איז געווען אפּ אלעמען א סימכע, א פֿרייד, וואָס די קראַפּעווע וויל זיך באַקן.

— אוי, וויל זי א באַק טאָן,— לאַכט שיקע מיט די גרויסע ציין.

— זי וויל־זיך בײַסן אזוי־ווי א הונט, — כאַפּט א צווייט יינגעלע אונטער.

אָבער די קינדער זײַנען געווען קליגער, זיי האָבן געבראַכט מיט זיך הענטשקעס און שמאַטקעלעך אפּ אײַנוויקלען די הענט.

י קראַפּעווע וויל זיך בײַסן און זי קען ניט.

די קינדער האָבן אָנגעשניטן אזוי פֿיל קראַפּעווע, אז די ערערקע האָט געזאָגט: „גענוג, קינדער! עס וועט שוין קלעקן. אָ וועט שוין זײַן מער ווי צו 15 קאָפּיקעס אפּ א קינד”.

באַם אהיים גיין האָט שיקע מיט די גרויסע ציין געקאָמאַנדעוועט:

— די זעק אפּ די פּלייצעס!

— צו צוויי אין א ריי!

די קינדער זײַנען געגאַנגען מיט א סימכע. אז זיי זײַנען אָנגעקומען אין שטאָט, האָבן זיי אנדערע מאַמעס באַגעגנט און מעקאַנע געווען.

— ווו האָט איר עס,— זאָגן זיי,— אזוי שפּעט נאָך אָפּגעזוכט אזוי פֿיל קראַפּעווע?

און נעכאַמעלע איז געווען פֿריילעכער פֿון איטלעכן.

פאנאכט, אז זי איז געשלאָפנ בא זיך לעבנ פענצטער אפנ באנקבעטל, איז שוינ איר ניט געווענ קאלט. זי איז געשלאָפנ געשמאק א גאנצע נאכט.

אינדערפרי האָט איר קלענערע שוועסטער רייזעלע זי געוועקט:

— נעכאָמעלע, שטיי אופ. שוינ צײַט גײנ אינ שול אריינ!

— שטענדיק גרייט! — האָט נעכאָמעלע מיטאמאָל זיך אופ-געריסנ פונ געלעגער מיט אנ אופגעהויבענער האנט אונ האָט זיך קלינגענדיק צעלאכט, וואָרומ סע איז איר געווענ זייער גוט אפנ הארצנ.



# אָרישקע

1

אָרישקע איז אליינ א דאָרפיש פערדעלע, ניט פונ קיינ בארימטער מישפאָכע אָנ געשריבענע ייכעס־בריוו. מע האָט נאָכ אפילע ווינציק געשריבנ פונ אים אינ די בלעטער, נאָר אינ צירק האָט מענ אים ליב בעסער, ווי די שטאָטישע פערד, בעסער, ווי די געפוצטע אונ געיידלטע, בעסער ווי די, וואָס האָבנ מוירע פאר א ווינט אונ וואָס זיינענ געוווינט צו באגילדעטע צײַמלעכ אונ צו א לערער מיט א שווארצנ פראק אונ מיט לאנגע בײַטשנ. אָרישקע עפשער טוט ער עס ניט אינמיסטנ, עפשער איז עס בא אים נאָר א געוווינשאפט, נאָר ער וויל ניט גיינ אָפ דער אַרענע פונ מאניעזש מיט קיינ אויסגעפוצטע הערנ אונ צוליב אים מוז מענ זיכ איבערטאָנ אינ א פויערש סוויטקעלע אונ אינ א שמויסענער קוטשמע אונ מיט אזא גייט ער ארויס אינ מאניעזש אונ ווײַזט אָפ אלע זיינע קונצנ, וואָס ער קענ. די קאָפיטלעכ זיינענ בא אים ווײַסינקע געטאָקטע אונ די אויגנ טוענ קלוג א פינקל אונ די באַזוכער פונ צירק דעריקער, די קינדער־צושויער אינ מאָרגנ־פאָרשטעלונג, אפלאָדירנ אים הילכיק, אסאכ, זונ פונ טיפנ הארצנ.

וויאזוי אונ פונוואנענ קומט אָרישקע אהער, איז דאָ ניט לאנג צו דערציילנ. ס'איז א מײַסע אינ א מײַסע. מענטשנ האָבנ עס מיר ניט לאנג דערציילט אונ איכ גיב עס אײַכ גערנ איבער.

ניט ווײַט פונ אונדז איז דאָ א דאָרפ סטעפּאנאָווקע, אינ סטעפּאנאָווקע זײַנענ פויערימ ווי אומעטומ. מיט פעלדער ארומ דאָרפ, גערטנער אונ שײַערנ אַרומ די שטיבער, די כאטעס מערער מיט שטרוי געדעקט. א שטוב אונ א הויז אונ דאָס איז די כאטע. אנ אויוונ מיט א פּול איז דער שלאָפ־צימער מיטנ קינדער־צימער. א טישל מיט א לאנגער באנק — דער עס־צימער. כאזיירימ אונ אויפעס שפּאצירנ אָפּט אונטער דער באנק אונ לעבנ שוועל.

אינ דער זעלבער סטעפּאנאָווקע האָט געוווינט א פּויערל אריסטאכ דאָראָפײיעוו אונ אינ דאָרפ האָט מענ אימ פארצויגנ דעמ נאָמענ אפּ אָרישקע. א טשודאק א יונגערמאנ. אונ אז ער איז עלטער געוואָרנ, איז ער אויכ געווענ ײנגלש־שטיפעריש אונ שפּילעוודיק. אָט דער אריסטאכ האָט געוווינט אפּ א בארג. זײַנ שטיבל איז געווענ נידעריק געבויגנ, די שטאל קימאט אָנ א דאכ. קיינ טוער קיינ גרויסער אונ קיינ אײַנברענגער איז ער ניט געווענ. באנאכט פלעגט ער פירנ באמ דאָרפ די פערד אפּ נאָטשלעג, אונ פונ דעמ האָט ער געהאט א ביסנ ברויט אונ די פּוויטקע. קינדער האָבנ אימ ליב געהאט דאָס כיעס. ער פלעג זיי אויספלעכטנ ציגעלעכ פונ לאָזע. ער האָט געקענט מאכנ שליטעלעכ, קינדערשע ווינטמילנ. ער האָט געקענט נאָכמאכנ קוילעס פונ כײַעס אונ פייגלענ אונ קינדער האָבנ עס זייער ליב געהאט הערנ. וואָס נאָכ האָט ער געהאט פאר א גוטס. אימ איז געבליבנ בעיערושע א פערדעלע פונ זײַנ פארשטאָרבנ ווײַבס טאטנ. א שקאפּקעלע אזא: אָרישקע די צווייטע, האָט ער עס א נאָמענ געגעבנ, פארוואָס איז די צווייטע? ווײַל ער אלײנ איז דאָכ געווענ אָרישקע דער ערשטער. דאָס שקאַפּקעלע איז אלט

געווענ וואָסער אַכט יאָר, קיינ איינציקע אַרבעט האָט עס בא אים ניט געהאַט צו טאָנ. זומער פלעגט ער עס פּאַשענ מיט אַלע דאָרפישע פערד אונ ווינטער פלעגט ער עס לאָזנ דרייענ אַ פּאָר מאָל אינ וואָכ די סעטשקאַרניע באַמ געוועזענעמ מילנער, האָט עס זיכ דאָס עסנ פאַרדינט. אָרישקע דער ערשטער האָט אָבער ליב געהאַט טעאַטער. האָט ער אויסגעגרויזט אָרישקענ דעמ צווייטנ דעמ ווײדל אינ קוטשערלעכ. די גריווע אינ צעפּע-לעכ, אונ עס געלערנט טאַנצנ אונ מאַכנ אַלערליי קונצנ.

ער האָט געמאַכט אַזאַ לייטער מיט בריייטע שטאַפּלענ. אַליינ פלעגט ער אַרופקריכנ אַפּ די ווישקעס, זיכ איינגורענ אינ היי אונ אַ רופ טאָנ: אָרישקע, יאַקעקאָ?

אונ אָרישקע די צווייטע איז פאַמעלעכ געקראָכנ אַפּ די טרעפּ פונ לייטער שטאַפּל נאָכ שטאַפּל, אַרופ אַפּ די ווישקעס, געשאַרט דאָס היי אונ אָנגענומענ מיט די ציינער אָרישקענ פאַרנ אויער אונ אימ אָנגעדרייט אַפּ צעקלוימערשט ער זאָל ניט זיינ קיינ שטיפער. איר מיינט אַוואַדע, עס האָט אימ געביסנ דעמ אויער, אַ נייג, דאָס האָט ער עס נאָר אויסגעלערנט אַזוי צוליב אַנ אָנשטעל אונ די קינדער, צומאָל אַפילע עלטערע, פלעגנ קיינ פאַר געלעכטער. מע האָט זיכ געהאַלטנ פאַר די בייכער, אַנדערע זיינענ אַפילע צוגעפאַלנ צו דער ערד, אַזוי האָבנ זיי געלאַכט.

— שוינ איינמאָל אַ ווייצלינג האָבנ זיי געטיינעט, דער רועכ זאָל אימ נאָר נעמענ, וואָס פאַר אַ קאָפּ ער האָט.

אַנדערע פויערימ, וואָס זיינענ געווענ אינ דער אַרמיי אונ געדינט אינ די גרויסע שטעט, פלעגנ צוגיינ צו אימ, געטריי אַ פּאַטש טאָנ אינ פּלייצע אונ זאָגנ: „פאָר אַוועק מיט דיינ שקאַפּ-קע אינ שטאָט אַריינ, פאַרפיר זי אינ צירק, וועט מענ דיכ אָפּ-גילטנ".

— אַפּ וואָס דאַרפ איכ דענ געלט? ענטפערט אָרישקע אַ

פריילעכער, — איך בין אליין געלט! ס' גלאַט, אז איך וועל צייט האָבן, וועל איך זי אַמאָל צופירן אין צירק אריין — זאָלן לייט האַנאָע האָבן.

דערווייל יאָרן גייען, אָרישקע האָט געהאַט א שיין לאָשעקל מיט ווייסע קאָפּיטלעך און דאָס לאָשעקל האָט שוין אַריסטאַנ פאַרשפּאָרט לערנען — אַנדערע לערנעכצן האָט שוין דאָס אָרישקע די צווייטע אליין אויסגעלערנט, ווי לעמאָשל:

ארופקריכן אַפּ די ווישקעס, אויסשאַרן אָרישקען אין הוי און אים אָנדרייען פאַרן אויער, דערנאָך אופּעסן בא אים פון האַנט א געשמאַק שטיקל פּלעצל אין אייל איינגעטונקען, ד האָט עס אויסגעלערנט שטיין אַפּ די הינטערשטע פיס און מי די פּאָדערשטע מאכן ווי א קליין קינד „לאַדענקי”, „לאַדענקי”.

אָט א רועכ פון בלאָטע! — האָבן דאָרפלייט אַפּ אים געזאָגט און מע פלעגט אין א יאָנטעוו־טאָג זיך ניט פוילן און אפילע פון נאָענטע דערפער קומען אָנקוקן די וווּנדער, וואָס אָרישקע מיט זיינע פערדלעך טוען.

איינמאָל איז אָנגעקומען דער צירק אין דאָרף אריין גע מען שעפּסטווע. באַטאָג האָט מען געהאַלטן רעדעס, מע אי אומגעגאַנגען איבערן דאָרף, באַקוקט און באַטראַכט אלץ און אי אָוונט האָבן זיי אין אמאָליקן דידיטשס היים צוגעקליבן דעם מא ניעזש און געוויזן צירק. אָרישקע איז דעם גאַנצן טאָג אומגע גאַנגען ווי אַפּ שפּילקעס. אזויווי ער איז געווען דער גרעסטער שטיפער און דער קאָמענדיאַנט, אזוי איז ער נאָך געווען צוו רומל א שעמעוודיקער אז סאַקאָנעס. ביז מע האָט אים ארויסגע פירט פאַר פרעמדע מענטשן, איז אָנגעקומען מיט סאַקאָנע נעפּאָשעס. אָט איז ער דאָ, אז ער האָט דערהערט „צירק”, אי אים אויסגעגאַנגען זיין לעבן. ס'וואָלט נאָך געפּאַסט ער זאָ ניט גיין עס אָנקוקן?... נו, גוט קלערט ער. אָר וועט זיך פּאַ רוקן אין א ווינקעלע און אויסקוקן אלע זייערע גווורעס און

אלע זייערע קונצנ. אָבער וויאַזוי מאכט מענ נאָכ, אז זיי זאָלנ אָנקוקנ זײַנ ארישקענ די צווייטע.

זאָגנ וועט ער זיי? אָ, ניינ, פאר קיינ געלט. ער שעמט זיכ. בעטנ עמעצנ, עמעצער זאָל זאָגנ, שעמט ער זיכ אויכ.

קוימ דערלעבט דעמ אָוונט. דאָס דאַרפ גרייט זיכ צומ צירק. קינד אונ קייט זיינענ דאָ געווענ, אלט אונ יונג. וואָס דאַרפ מענ מער? קינדער אפילע פונ די וויגנ, וואָס מע האָט ניט געמענ האט אפ ווענענ צו לאָזנ, האָט מענ געבראכט אפ די הענט אונ דער צירק איז טאקע געווענ שיינ, אנ אויג ניט אָפּצונעמענ. יונגעלײַט אונ מיידלעכ אָנגעטאָנ אינ בליעסק האָבנ געוויזנ קונצנ. א פּאָרל, איינער זייער א הויכער אונ דער צווייטער גאָר א פּיצינקער, האָבנ געזאָגט ווערטלעכ, אז מע האָט קישקעס געריסנ. א קאָמעדיאנט מיט גלעקלעכ אפנ קאָפּ אונ מיט א צעפארבט פּאָנעמ האָט טכילעס איבערגעשראָקנ דעמ גאנצנ עוילעמ אונ דערנאָכ האָט מענ אימ אזוי ליב באקומ, אז אלט אונ יונג האָבנ געשריגנ: נאָכ! נאָכ! — מע האָט דעמ הויפ צעטראָגנ מיט די געשרייענ. אָרישקע שטייט פארשטופט צווישנ די מענטשנ, ער קוועלט אָנ, פארגייט זיכ ווי א קליינ קינד. אָבער אימ ליגט פונגדעסטוועגנ זײַנס אינ זינענ, „ווען וועלנ שוינ זײַנ פערד"? ביז מע האָט ענלעכ ארויסגעלאָזנ א פערד, אויסגעפוצט, באהאנגענ מיט גאָלד אונ מיט זילבער. א מיידל מיט הייזלעכ איז ארויס אונ גענומענ ווײַזנ, וויאַזוי מע קאָנ פאָרנ רײַטנדיק, דאָס פערד לויפט אינ א ראָד זי שטייט אינמיטנ מיט א פּאָר האנטשנ, מיט א גלאנציק היטעלע אפנ קאָפּ. איינ האנט פאריסנ ארופּ, ווי איינער מיינט: — קוקט! פלוצעמ — דאָס פערד לויפט דורכ אינ איר זײַט, טאנצט זי ארופּ, מע באמערקט אפילע ניט וויאַזוי, זי פאָרט אביסל זיצנדיק, פאָרט אביסל שטייענדיק, די מוזיק שפּילט צומ טאקט, דערנאָכ ווײַזט זי, אז זי איז ניט געווינט פאָרנ אפ א זאָטל. לויפנ צו

צוויי דינער, שטעלנ אָפּ דאָס פערד, מע נעמט אראָפּ דאָס זאָטעלע, גרינג, ווי א פעדער, אונ ציכטיק צוגעפּוצט. מענ שטיליעט אָפּ דאָס אויבערשטע צייַמל, מע נעמט אראָפּ די פּאָפּאָנע. וואָס איז מיט צירונג באהאנגענ, די מוזיק הייבט אָנ שפּילנ, דאָס פערדל לאָזט זיכ גיינ ווידער אינ א ראָד אונ דאָס מיידל טאנצט ארופ אינמיטנ געלאָפּ אונ נעמט ווייַזנ בעריעשאפּט. ווי אפ א קישעלע א שטייפּס, טוט זי זיכ א גליכש לייַכט אונ געשיקט. אָט איז זי אפנ פערד, אָט אפנ ייל, אָט שטייט זי אפנ פערד באָמ סאמע ברעג, אָט גליטשט זי זיכ, דוכט זיכ אפ אראָפּפאלנ. נייַנ, זי זיצט גאָר מיטנ פּאָנעמ צומ פּאָרנט. נייַנ, מיטנ רוקנ צומ פּאָרנט. אראָפּ — ארופ, ארופ — אראָפּ! די מוזיק שפּילט, דאָס פערדל לויפט פרייַ אונ נאקעט. נאָר איינ אונטערשט צַיימעלע איז געבליבנ אפ אימ — אזוי פונ שיינקייט־וועגנ.

אונ אז די מוזיק האָט געענדיקט שפּילנ, איז דאָס פערדל ארויסגעלאָפנ פונ ראָד דורכנ באריער, וואָס די דינער האָבנ פאר יימ צעעפנט, אונ דאָס מיידל אינ הויזעלעכ אונ אינ היטעלע איז געבליבנ שטיינ אינמיטנ ראָד, ווידער פארהויבנ איינ האנט ארופ אונ כייגעוודיק זיכ פארנייגט פארנ גאנצנ דאָרפ פ יעריִמ מיט פויערטעס. אלע האָבנ געשריענ, אז ס׳איז גוט. איינ אָרישקע האָט זיכ פארקלערט אונ ניט געקענט בא זיכ פויעלנ ווועמענס פערדל עס איז בעסער. אוודע איז דאָס שטאָטישע שענער. געפּוצטער, ציכטיקער אונ געלערנטער, אָבער אָרישקעס די צווייטע איז אויכ ניט אַבי ווער אונ דאָס קליינינקע, עס וועט אויסוואקסנ, איז דאָס אויכ ניט קיינ שפּעטנע לאָשעקל.

ער האָט זיכ פארקלערט אונ האָט ניט געזענ, ווי קלימ, וואָס איז ערשט ניט לאנג געקומענ פונ דער רויטער ארמיי (איצט איז ער אינ א קאָמיסיע פונ דאָרפראט), סוידעט זיכ עפּעס מיטנ אָנפירער פונ צירק. די דאָרפלייַט האָבנ זיכ אָנגעשטויסנ פונ וואָס מע רעדט אונ נאָכ איידער עפּעס האָבנ זיי

אָנגעהויבנ רופנ אָרישקענ אונדזערנ אהער. זאָלנ די געסט אונדזערע זענ. אָרישקע האָט זיכ פארשטעקט נאָכ טיפער, מע זאָל אימ ניט אַרויסזענ. זיכ ווייַזנ פאר פרישע מענטשנ אונ נאָכ פאר שטאָטישע איז אימ געווענ שווערער, ווי א באַרג איבערקערנ. אָבער כעוורע האָבנ אימ דערטאפּט. אָטאָ איז ער! אָט איז ער! אונ ער האָט געמוזט אינ א פינפ מינוט אַרומ קומענ אהער מיט זייַנ פערדל אונ מיטנ לייטער.

דער אָנפירער פונ צירק אונ די ארטיסטנ זייַנענ אַלע אַרויס קוקנ, ווי אָרישקע האָט געוויזנ מיטנ פערדל, וואָס ער קענ. דאָס פערדל איז ניט געווענ קיינ געפוצטס, נאָר ס׳האָט געהאט איי-גענעמ כיינ.

— ווי בּיסטו! — מאכט ער צומ פערדל: אונ אַלייִנ האָט ער זיכ באהאלטנ אינ איינעמ פונ די באַזונדערע בערעמקעס היי, וואָס זייַנענ געווענ צעשטעקט אינ פיר פארשיידענע זייַטנ. קומט דאָס פערדעלע צו צו איינ בערעמקע היי, צומ צווייטנ, צומ דריטנ אונ באַמ פערטנ שטעלט זיכ עס אָפּ, צעשארט מיט דער מאָרדע דאָס היי, נעמט אָנ אָרישקענ פאר אַנ אויער אונ פירט אימ אַרייַנ פארנ אוילאָמ.

אַלע הייבנ אָנ פונדאַסנייַ קוועלנ אונ די ארטיסטנ מיטנ אָנפירער פליעסקענ אפנ שטאָטישנ אויפנ בראַוואָ אונ גלעטנ דאָס פערדעלע. אָרישקע פארשטעקט זייַנ בליק צוריק אינ היי אַרייַנ. ער איז גליקלעכ, נאָר ער קאָנ נאָכ ניט גויווער זייַנ די שעמעוודיקייט.

אזוי האָט ער געוויזנ נאָכ א פּאָר קונצנ אונ דער אָנפירער פונ צירק האָט געזאָגט פארנ צעגייִנ זיכ.

אינ דאָרפ זייַנענ דאָ אסאכ אויצרעס. מענ דאַרפ זיי נאָר קענענ אופזוכנ. איכ בינ גליקלעכ, וואָס מיר האָבנ געטראָפנ אהער. איר האָט אימ געלערנט, אריסטאַכ דאָראָפייעוויטש, אזעלכע זאכנ? אונ אונדזערע ארטיסטנ זאָגנ, אז ער איז גע-

לערנטער פון זיי. איך גלייב, אז כאווער און פריינט אריסטאַך דאָראָפּייעוויטש וועט זיך ניט לאָזן שטאַרק בעטן און פאָרן מיט אונדז אין שטאָט אריין. מיר נייטיקן זיך אין אים.

2

ניט געקוקט, וואָס מען האָט אָפּגערעדט מיט אָרישקען און אפילע געשריבן א קאָנטראַקט, אז ניט שפּעטער ווי אין א כיי־דעש ארום דאַרף ער קומען מיט אָרישקע דער צווייטער אין שטאָט אריין, איז די אפישן איז שוין אפילע געווען געמאָלדן ווענגן זי׳ און אָפּן געמעל האָבן שטאָטלייט געזען אלע קונצן, וואָס אָרישקע די צווייטע קען ווייזן, איז דאָך צום סאָף כוידעש אָרישקע אין זיין שמויסענער היטל אין דער סוויטקע מיט די פּאָסטאָליקעס געקומען אייגער אליין, זיך געמעלדעט צו דער צירק־פארוואלטונג. זיין פּאָנעם איז ניט געווען שטאַרק פריילעך און ניט שטאַרק אומעטיק.

און ער האָט געזאָגט:

— איך האָב אייך פארגעסן זאָגן דעמלט... אָרישקעס מאַמע איז אויך געשטאָרבן צו צוועלף יאָר. אזעלכע פערדעלעך ווילן זיך לאַנג ניט האלטן. זי איז מיר אוואַדע געווען אזוי ווי אן אייגן קינד, נאָר מען קען גאָרניט העלפן. איר איז אָט אָ אויך געוואָרן 12 יאָר. עפּשער דערפאַר און עפּשער האָט איר דער בויך ווייַ געטאָן. איך האָב אָס מעל ניט גוט איבערגעמישט. היינטיקן מיטוואָך וועט שוין ווערן אכט טאָג, אז ניטאָ זי. נאָר אויב איר ווילט, קען איך ברענגען דאָס לאָשעקל. עס איז בא מיר אויך געמושטרירט. עס איז אין פיל כיינדעלעך נאָך מער ספּירטל פון זיין מאַמען.

די אדמיניסטראציע אין צירק האָט זיך געזאָרגט און גע־זאָרגט, וואָס טוט מען? מע האָט דאָך שוין אַלץ געמאָלדן אין די אפישן!

און עס איז געבליבן, אז מען וועט פאָרן אין דאָרף א קוק טאָן דאָס לאָשעקל.

מען דאַרף נאָך א סאַך פרעגן, צי דאָס לאָשעקל איז זיי געפעלן געוואָרן?

אָרישקע שפּאַרט אָן דעם לייטער אָפ זיך, דאָס לאָשעקל קריכט אַרויף ביז די מיטלסטע טרעפּ. דערנאָך שטעקט אָרישקע פאָרזיכטיק אַריין דעם קאָפּ צווישן די מיטלסטע צוויי שטאָפּ־לען. דער לייטער לייגט זיך אויס ווי א שטאַנג, אָפ זיינע אַקסלען אין א גלייכגעוויכט, און דאָס לאָשעקל הוידעט זיך. דערנאָך גייט ער זיך עטוואָס דורך איבערן הויף און קערט איבער דעם ליי־טער. דאָס לאָשעקל קריכט אַראָפּ אָפ הינטערווייליקע צוריק, צוריק. ביז עס איז שוין צוריק אָפ דער ערד. אָרישקע טוט דאָס לאָ־שעקל א גלעט פאַר דער גריווע, און דערנאָך בייגט ער זיך אָן צו דעם, נעמט אים דאָס לאָשעקל אָן פאַרן אויער, ווי אָרישקע די צווייטע האָט עס געטאָן.

3

איר וועט פרעגן, פאַרוואָס האָט דער אַלטענקער ניט גע־וואָלט בלייבן אין צירק אינאיינעם מיט אָרישקען? גיכער פון אַלץ איבער איין אַיינרייידעניש, און עפּשער איז ער גערעכט אויך.

— איך בין ניט קיין יונגערמאַן, זאָגט ער, איך וועל שוין גיך שטאַרבן, און ניט אַזוי גיך וועל איך זיך קאָנען צוגעווייגען צו אַייער לעבן. אַז איר וועט מיר דערלויבן, וועל איך קומען אַמאָל צו אייך צו גאַסט. איך וואָלט וועלן איר זאָלט דאָס פער־דעלע אויכעט רופן אָרישקע — אָרישקאָ דער ייִנגסטער.

---

און אַז דער צירק פלעגט פאָרן פון צייט צו צייט אין זיין פאָדשעפּנעם דאָרף, פלעגט ער מיטנעמען אָרישקען רעם

יינגסטנ. ס'האָט זיכ אויסגעהאָדעוועט א פערדעלע א פּראַכט מיט ווײַסע קאָפּיטלעכ אונ פינקלענדיקע קלוגע צוויי אויגנ. אינ צירק האָט מענ דאָס ליב געהאט בעסער, ווי די געיידלטע שטאָטישע פערד אונ, אז עס פלעגט אראָפּקומענ ווענ ניט איז אינ דאָרפ ארײַנ איז ניט נאָר אָפּ אָרישקענ געווענ א סימכע, נאָר אָפּ אלע דאָרפישע קינדער. זיי פלעגנ לויפנ הונדערט מאָל א רעגע באַקוקנ דאָס פערדעלע אונ זיכ אָנדערצײלנ פונ דעמ מײַסעס איינע שענער פאַר דער אנדערער.

אונ אַריסטאַכ דאָראָפּייעוויטשנ אליינ האָט מענ מיט דער צײַט באַזעצט אינ א בעסערער דירע. אלע כוידעש איז אימ אָנגעקומענ א באשטימטער געהאַלט. אונ קעדיי סע זאָל אימ ניט זיינ אומעטיק אינ דאָרפ אײנזאַמ, האָט מענ אימ אינ זיינ פערד־שטאַל ארײַנגעשטעלט א פאָר פרישע לאָשעקלעכ, צוויי קליינע וועלפעלעכ אונ א הונט. זאָל ער זיי מושטרירנ וויאזוי ער קענ, זײַנ ארבעט ברענגט נוצנ. ער איז אנ ארטיסט אונ ניט פונ די פאָשעטע.

•••

# אינהאלט


| | זייט |
|---|---|
| זעליק דער ראדיסט | 3 |
| כאָרעווע נעסטב | 11 |
| שטעלמאהאָ | 39 |
| וועדליק און פּאָדליק | 46 |
| באקלערט | 52 |
| אָרישקע | 60 |

И. К И П Н И С

# З Е Л И К   Р А Д И С Т

рассказы для детей

---

Изд-во Эмес", Москва, Старопанский пер., 1.